# דער אַלטער פון לאַמפּאַדוני

פון מ. א. סול



מיין פריינד און קאלעגע
פיליפ סאנדלער
א מתנה
מ.א.ס.
1951

# דער אַלטער פון לאָמפּאַדוני

## און אַנדערע מעשיות

— פון —

**מ. א. סול**



צייכענונגען
— פון —
וויליאם גראפּער

פאַרלאַג „נידערשלעזיע" ווראָצלאַוו 1948



## דער אַלטער פֿון לאָמפּאַדוני

דאָס שטעטעלע לאָמפּאַדוני האט פאַרמאגט 2,500 איינוווינער און 87 גאַסן־לאָמפּן. אין אָוונט, ווען אַלע לאַמפּן האָבן געברענט, איז אין שטעטעלע געווען אַזוי ליכטיק ווי אין אַ זוניקן בײטאָג.

,,צופיל לאָמפּן בײ אײך,'' האָט אַ פרעמדער, וואָס איז נאָר־וואָס צום ערשטן מאָל אָנגעקומען קיין לאָמפּאַדוני, א זאָג געטון צו אַ לאָמפּאַדונער. ,,צופיל לאָמפּן פאַר אַזאַ קליין שטעטעלע. עס בלענדט אַזש אין די אויגן.''

דער לאָמפּאַדונער האָט זיך צעשמייכלט און געזאָגט: ,,מיר זענען שטאָלץ מיט אונדזערע לאָמפּן. צוליב זיי האָט מען אונדזער שטעטל אַ נאָמען געגעבן ,,דאָס ליכטיקע שטעטל'' — צוליב זיי און צוליב דעם אַלטן בנימין''.

דער פרעמדער האט אָנגעקוקט דעם מאַן פון לאמפּאַדוני און אַ צי געטאָן מיטן אַקסל, ווי איינער רעדט: ,,וואס פלאַפּלט ער עפּעס, דער לאמפּאַדונער? וואס מיר לאמפּן? ווער מיר אַלטער בנימין?'' נאר אַזוי ווי ער איז געווען אַ פרעמדער אין לאמפּאדוני, האט ער געפילט, אַז ער מוז זיין זייער העפלעך צו יעדן לאמפּאדונער, האט ער געגעבן אַ קליין, העפ־



לעך שמייכעלע און געזאגט: „אנטשולדיקט, אט דער אלטער בנימין, וואס איר האט דערמאנט, איז ער דאס געווען דער קוימענקערער, וואס איז אריינגעפאלן אין א קוימען? צי אפשר האב איך א טעות?"

דער לאמפאדונער האט אים אנגעקוקט און א צי געטון מיטן אקסל, ווי איינער רעדט: „וואס פלאפלט ער עפעס, דער פרעמדער? ווער מיר קוימענקערער? וואס מיר קוימען?" נאר אזוי ווי יענער איז געווען א פרעמדער אין לאמפאדוני, האט דער לאמפאדונער געפילט, אז ער מוז זיין העפלעך צו אים, האט ער געגעבן א קליין, העפלעך שמייכעלע און געזאגט: „אנטשולדיקט. אויף איר האט קיינמאל נישט געהערט פונעם אלטן בנימין, וועל איך אים אייך אנווייזן." ער האט זיך אויסגעדרייט מיטן פנים צום מיט פון שטאט און מיטן צייג-פינגער אנגעוויזן אויף א גרויסער סטאטוע נעבן גריכט-הויז. „אט דאס איז ער," האט ער שטיל געזאגט, „דאס איז דער אלטער בנימין."

„אט דאס איז ער?" האט דער פרעמדער א פינטל געטאן מיט די אויגן.

„יא," האט דער מאן פון לאמפאדוני געזאגט, און ער האט דעם פרעמדן אנגענומען פארן ארעם. „דאס איז ער. קומט צו מיט מיר וועט איר אים גוט אנקוקן." און זיי האבן זיך געלאזט גיין צו דער סטאטוע.

דער פרעמדער האט באטראכט די מארמארנע פיגור. צום ערשטן מאל אין זיין לעבן האט ער געזען א סטאטוע פון א מענטשן. וואס טראגט אן אלטן קאשקעט אויפן קאפ, א צעקנייטשטן, אפגעטראגענעם מאנטל, א פאר געלאטעטע הויזן און א פאר צעריסענע שיך. נאר דאס פנים, כאטש ס'איז געווען פיל מיט קנייטשן און קארבן, איז געווען דאס פנים פון א גוטן אלטיטשקן. און זיינע אויגן, כאטש זיי זענען געווען אויסגעהאקט פון שטיין, האבן געשמייכלט, ווי זיי וואלטן לעבעדיק געווען. אונטן, אויפן פונדאמענט פון דער סטאטוע,

זענען געווען אויסגעקריצט ווערטער. האט דער פרעמדער אנגעטאן זיינע ברילן און איבערגעלייענט:

## בנימין דער לאמפן־אנצינדער

געלעבט 87 יאָר, לאָמפּאַדוני וועט אים קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

דאס מאל האט זיך שוין דער פרעמדער נישט געקאנט איינהאלטן און האט געפרעגט דעם מאן פון לאמפּאדוני: ,,זאגט מיר, איך בעט אייך, וואס אַזוינס האט דער אלטער בנימין אויפגעטון?‘‘

דער לאמפּאדוניער האט דעם פרעמדן ווידער א נעם געטאן פארן ארעם און אים צוגעפירט צו א באנק, וואס איז געשטאנען נישט ווייט פון דער סטאטוע. ווען זיי האבן זיך ביידע אוועקגעזעצט, האט דער מאן פון לאמפּאדוני אנגעהויבן דערציילן דעם פרעמדן די מעשה:

,,אַמאל, מיט יארן און יארן צוריק, האט לאמפּאדוני פארמאגט אין־גאנצן צוויי גאסן־לאמפּן, איינעם ביים געריכט־הויז און אייגעם ביים באנ־הויף, און זיי פלעגן ברענען אויף בוימל. דער אלטער בנימין איז דעמלט אַלט געווען אינגאַנצן זיבעצן יאר און ער איז געווארן דער לאמפּן־צינדער פון לאמפּאדוני. ער האט אַזוי ליב געהאט זיין מלאכה, אַז אַרום די צוויי גאסן־לאמפּן האט ער געפינען אַרבעט אויף א גאנצן טאג.

אט פלעגט ער פוצן די גלעזלעך פון די לאמפּן, און אט פלעגט ער וואשן די שייבעלעך. אט פלעגט ער זיי אנפילן מיט בוימל, און אט פלעגט ער אַריינדרייען א נייעם קנויט. אט פלעגט ער פארבן די הילצערנע סלו־פעס, אויף וועלכע די לאמפּן זענען געהאנגען, און אט פלעגט ער פלאנצן א גערטנדל ארום יעדן סלופּ — א גערטנדל פון שיינע בלומען.

און פונקט צו דער מינוט, ווען די זון האָט זיך געזעצט, האָט ער די לאָמפּן אָנגעצונדן; און פונקט צו דער מינוט, ווען די זון איז אויפגעגאַנגען, האָט ער די לאָמפּן אויסגעלאָשן.

און אין שטעטל זענען שוין אַרומגעגאַנגען ווערטלעך וועגן דעם. האָט אַ מענטש געוואָלט זאָגן אויף זיך, אַז ער האָט נישט קיין צייט, האָט ער געזאָגט: „איך בין פאַרנומען, אַזוי ווי בנימין מיט די לאָמפּן". האָט מען געוואָלט זאָגן אויף איינעם, אַז ער איז אַ פּינקטלעכער מענטש, האָט מען געזאָגט: „ער איז פּינקטלעך ווי די לאָמפּן פון לאָמפּאַדוני".

און אַזוי זענען נעגאַנגען די יאָרן. און בנימין איז עלטער געוואָרן, און לאָמפּאַדוני איז גרעסער געוואָרן און האָט שוין פאַרמאָגט גאַנצע אַכט לאָמפּן. און אין איינעם אַ שיינעם טאָג האָט זיך בנימין דערוווסט דורך די צייטונגען, אַז מען האָט שוין דערפונדן אַ נייעם שטאָף, וואָס ברענט העלער און שענער ווי בוימל אדער נאַפט, און אַז דער שטאָף הייסט גאַז, און אַז אין אַ גרויסער שטאָט, ווייט פון לאָמפּאַדוני, ברענען שוין די גאַסן־לאָמפּן אויף גאַז.

איז בנימין גלייך אַוועק צום שטאָט־ראַט און געזאָגט אַזוי צו די באַאַמטע פון שטאָט: „איך, בנימין, דער לאָמפּן־אָנצינדער פון דער שטאָט לאָמפּאַדוני, מאַך אַ פאָרשלאָג, אַז מען זאָל גלייך באַשטעלן דעם נייעם שטאָף, גאַז, פאַר אונדזערע אַכט לאָמפּן".

„אין דער שטאָט־קאַסע איז נישטאָ גענוג געלט", האָט זיך אָנגערופן דער אַלטער בירגערמייסטער.

„פאַר אַזאַ קליין שטעטל ווי לאָמפּאַדוני איז בוימל אויך גוט", האָט זיך אָנגערופן אַ צווייטער באַאַמטער.

בנימין איז אוועק פונעם שטאט-ראַט און גע-
זאגט צו זיך: „נישקשה, זיי וועלן זיך איבערבעטן,
די שטאט-באַאמטע. איך וועל ברענגען מיין פאר-
שלאג צום פאלק, צו די איינוווינער פון לאמפּאדוני,
זאלן זיי באַשטימען, וואס צו טון".

ער איז אהיימגעגאנגען און צוגעגרייט אכט
שילדן, און אין אוונט ווען ער האט אנגעצונדן
די לאמפּן, האט ער אויף יעדן לאמפּ אויפגעהאנגען
א שילד, וואס האט זיך געלייענט אזוי:

„קריגט דעם נייעם שטאָף וואָס שנעלער,
וועל איך לויכטן פאַר אייך העלער".

די איינוווינער פון לאמפּאדוני האבן זיך פאר-
זאמלט ארום די לאמפּן, געלייענט די שילדן און
נישט פארשטאנען וואס דאס מיינט.

„בנימין, דערקלער אונדז וואס דאס מיינט",
האבן זיי זיך געוואנדן צו זייער לאמפּן-אנצינדער.

ווען בנימין האט זיי דערציילט פון דעם נייעם
שטאף, גאז, און ווי שענער ער ברענט פון בוימל,
זענען זיי אלע אוועק צום שטאט-ראט און געפא-
דערט: „מיר ווילן דעם נייעם שטאף! מיר ווילן
דעם נייעם שטאף!"

אז דער בירגערמייסטער און די איבעריקע בא-
אמטע האבן דערזען דאס גאנצע שטעטל לאמפּאדו-
ני פארזאמלט ביים שטאט-הויז, האבן זיי זיך דער-
שראָקן און אריינגערופן בנימינען און אים געזאגט
אזוי: „גיי זאג די לאמפּאדוניער, אז מארגן וועלן
מיר שיקן נאכן נייעם שטאף". און אזוי איז טאקע
געווען. אין צען טעג ארום האבן שוין די לאמפּן גע-
ברענט אויף גאז. און מענטשן זענען געקומען פון
אומעטום, פון ארומיקע שטעטלעך, קיין לאמפּא-
דוני צו באוואונדערן די נייע לאמפּן און ווי ליכטיק
זיי לויכטן.

און אזוי זענען געגאנגען די יארן. און בנימין
איז עלטער געווארן, און מ'האט אים שוין גערופן
„דער אלטער בנימין", און לאמפּאדוני איז גרעסער
געווארן און האט שוין פארמאגט גאנצע 25 לאמפּן.



און אין איינעם אַ שיינעם טאָג האט זיך דער אַלטער בנימין דערוווּסט פון די צייטונגען, אַז מען האָט שוין דערפונדן אַ נייעם שטאָף פאַר די לאָמפּן, וואָס לויכט נאָך העלער און שענער פון גאַז, און אַז דער שטאָף הייסט עלעקטרי.

איז ער גלייך אַוועק צום שטאָט-ראָט מאכן אַ פאָרשלאַג, אַז לאָמ־פּאַדוני זאָל קריגן דעם נייעם שטאָף.

ווי נאָר דער בירגמייסטער האָט אים דערזען האָט ער אויסגערופן מיט שפּאָט: „וואָס איז, בנימין, האָסט שוין ווידער געהערט פון אַ שטאף פאַר די לאָמפּן?“

„יאָ“, האָט בנימין אים רואיק געענטפערט.

„מיר קאָנען זיך באַגיין אָן אים!“ האָט דער בירגערמייסטער אויסגע־רופן.

„מיר דאַרפן נישט!“

„מיר ווילן נישט!“

„נישטאָ קיין געלט אין קאַסע!“ האבן אלע באַאַמטע אויסגערופן ווי אין אַ כאָר.

ווען זיי זענען שטיל געוואָרן, האט בנימין געזאָגט צו זיי מיט א רואיק קול: „אויב מען וועט דערפינדן אַ וועג ווי אַזוי אַראָפּצובּרענגען די שטערן פון הימל, כדי עס זאָל ליכטיקער ווערן אויף דער ערד, וועל איך זיין דער ערשטער צו פאָדערן די שטערן פאַר לאָמפּאַדוני“.

די שטאָט באַאַמטע האבן זיך שפּאָטיש צעלאַכט, און בנימין איז אַוועק צו זיך אַהיים, האט צונעריי ט 25 שילדן, און נאך יענעם טאג, ווען ער האט אנגעצונדן די לאמפּן, האט ער אויף יעדן לאמפּ אויפגעהאנגען א שילד, וואס האט זיך געלייענט אַזוי:

„קריגט דעם נייעם שטאָף וואָס שנעלער,
וועל איך לויכטן פאַר אייך העלער“.

ווידער האבן זיך די איינוווינער פון לאמפּאַדוני פאַרזאַמלט אַרום די לאמפּן. ווידער האט זיי דער אַלטער בנימין דערקלערט וואס דאס מיינט. ווידער זענען זיי אַוועק צום שטאָט־ראט און געפאָדערט דעם נייעם שטאף, וואס הייסט עלעקטרי. און ווידער האבן זיי אויסגעפירט זייערס. נאר דאס מאָל האט געדויערט זייער לאַנג ביז דער נייער שטאף האט זיך באוויזן, ווייל פריער האט מען געדאַרפט בויען אַן עלעקטרישע קראַפט־סטאנציע. דערצו האט מען געדאַרפט א סך מאטאָרן און מאטארעלעך, און מאשינען און מאשינדערלעך, און לאַנגע דראטן, וואס מען האט געצויגן אונטער דער ערד איבערן גאנצן שטעטל, ווייל נישט נאר צו די גאַסן־לאמפּן, נאר אויך צו אַלע שטובן אין שטעטל האט דער נייער שטאף געדאַרפט פליסן.

און ענדלעך איז די עלעקטרישע קראַפט־סטאנציע פארטיק געוואָרן. און געדאַרפט האט מען א יונגן, געזונטן מענטשן, וואס זאל אַרבעטן ביי די מאטאָרן און מאשינען. בנימין איז שוין געווען אלט. ער איז אַלט געווען 87 יאר. און פאר דעם נייעם שטאף, וואס האט געהייסן עלעקטרי, האט

מען שוין מער נישט געדאַרפט קיין לאמפּן-צינדער. מען האט בלויז גע-דאַרפט געבן א קוועטש א קנעפּל אין דער קראַפט-סטאַנציע און אלע לאמפּן אין שטעטל האבן זיך אנגעצונדן. און מען האט בלויז געדאַרפט געבן אַ קוועטש נאך א קנעפּל אוז אלע לאמפּן אין שטעטל האבן זיך אויסגעלאשן!

דאס גאנצע שטעטל האָט געוואַרט אויף יענעם טאג. און ענדלעך איז דער טאג געקומען. איז געווען אַ גרויסע שמחה אין לאמפּאַדוני. די לאמפּאַדוניער האבן זיך אויסגעפּוצט, ווי צו א חתונה, און ארומגע-רינגלט דאס הויז פון דער קראַפט-סטאַנציע. אזוי גיך ווי ס'איז טונקל געוואָרן, האט דער אלטער בנימין צום ערשטן מאל א קוועטש געטאן א קנעפּל און אלע עלעקטרישע לאמפּן האבן זיך מיטאמאל אנגעצונדן. אין שטעטל לאמפּאַדוני איז געוואָרן שטאַרק ליכטיק און די מענטשן האבן אנגעהויבן טאנצן אין די גאסן פאר פרייד.

,,אוים דאנקבאַרקייט צום אלטן בנימין, אין 81 יאר איז ער נאך געווען אזא מוטיקער קעמפער און אויסגעקעמפט פאַרן שטעטל דעם נייעם שטאף עלעקטרי, האבן די איינוווינער באשלאסן אוועקצושטעלן אין לאמפּאַדוני 81 לאמפּן".

דער פרעמדער האט טיף אפּגעאטעמט און צוגעשאקלט מיטן קאפּ. ,,א שיינע מעשה, זייער א שיינע מעשה" האט ער געזאגט, און פאַרטראַכט געקוקט אויף דער סטאַטוע.

ס'איז געווען שוין שפּעט ביינאכט, נאר אויף די גאסן פון לאמפּאַדוני איז געווען העל, ווי אין אַ זוניקן ביי טאג. דער פרעמדער האט זיך אויפגע-הויבן פון דער באַנק, האט אויסגעשטרעקט א האנט צום לאמפּאַדונער און זיך געזעגנט מיט אים. ,,א גוטן טאג", האט ער צו אים געזאגט.

,,איר מיינט א גוטע נאכט", האט אים דער לאמפּאַדונער אנגעקוקט מיט חידוש און זיך צעשמייכלט.

דער פרעמדער האט א ווייז געטאן מיט דער האנט אויפן שטעטל און געזאגט: ,,שווער צו זאגן ביי אייך ווען ס'איז נאכט, און ווען ס'איז טאג. א ליכטיק שטעטל לאמפּאַדוני, א ליכטיק שטעטל".

(ס ו ף)



## דער בוים און דער ווינט

ס'איז געווען אַ קילער, כמורנער טאָג אין האַרבסט. אַ לייכט ווינטל איז אַרומגעלאָפן אין דער לופטן און צונויפגעטריבן די ווייסע וואָלקנדלעך אויפן הימל, ווי אַ פּאַסטוך טרייבט צונויף זיינע בלאָנדזשענדיקע שאָף, ביז פון אַלע וואָלקנדלעך איז געוואָרן איין גרויסער, ווייסער וואָלקן.

דערנאָך האָט זיך דאָס ווינטל אַראָפּגעלאָזט אויפן טייך האָדסאָן, אָנגעבלאָזן די מאַסטן פון זעגל־שיפלעך, און צעפלאַטערט די פאָנען פון גרויסע שיפן.

דערנאָך האָט זיך דאָס ווינטל אַ לאָז געטאָן צום ברעג און איבערגעשראָקן אַלע בלעטער פונעם הויכן בוים, וואָס שטייט שוין יאָרן לאַנג ביים ברעג טייך. די בלעטער האָבן זיך צערוישט און צעמורמלט און די שוואַכע, אויסגעטריקנטע בלעטער זענען טאַקע פון שרעק אַראָפּגעפאַלן פונעם בוים.

נאָך אַ נס וואָס די מוטער־פויגל איז גראָד דעמאָלט געווען אינדערהיים, אין דער גרויסער נעסט מיט אירע פיר פייגעלעך. .אַניט וואָלטן זיך די פייגעלעך שטאַרק איבערגעשראָקן.

איין פייגעלע האָט זיך טאַקע צעצוויטשערט פון שרעק און זיך צוגעטוליעט צו דער מוטער־פויגל. האָט די מוטער־פויגל אויסגעשפּרייט אירע פליגל איבער אַלע

פיר פייגעלעך און געזאָגט: „שאַ, שאַ, שרעקט אייך ניט, ס'איז בלויז דער ווינט. ס'איז דאָך שוין האַרבסט. און אין האַרבסט בלאָזן ווינטן". און טאַקע באַלד האָט דאָס פייגעלע אָנגעהויבן זינגען אַ לידל:

ווי עס בייט זיך נאָר דער וועטער
און עס קומט דער האַרבסט צו גיין,
רייסט דער ווינט פון בוים די בלעטער,
בלייבן ביימער נאַקעט שטיין.

ביימער קאָנען זיך ניט רירן,
מוזן אויף אַן אָרט דאָ שטיין;
מוזן ציטערן און פרירן,
ביז דער זומער קומט צוגיין.

נאָר מיר פייגל האָבן פליגל,
קאָנען פליען הויך און ווייט;
פליען מיר אַוועק אין דרום,
ווו ס'האָט קיינמאָל ניט געשנייט.

וואַקסט-זשע גיכער און געשווינדער,
מיינע ליבע פייגל-קינדער,
וועלן מיר אַנטלויפן באַלד —
איידער נאָך ס'וועט ווערן קאַלט.

דער בוים האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן און געזאָגט: „אַי, פייגעלעך, פייגעלעך! אייך איז גוט. איר הויבט זיך אויף און פליט אַוועק אַהין, ווו די זון באַקט און די בוימער בליען און ס'איז וואַרעם אַ מחיה. און איך—?"

דער בוים האָט זיך פאַרטראַכט. ער האָט זיך דערמאָנט ווי פריילעך ס'איז אים געווען אַ גאַנצן זומער. און געטראַכט ווי אומעטיק ס'איז אים איצט. ער האָט זיך דערמאָנט ווי די מוטער-פויגל האָט אָנגעהויבן בויען איר נעסט אויף אים; ווי זי פלעגט אַלע ווײַלע קומען צופליען מיט אַ שטרויעלע אָדער אַ קליין ריטעלע אין איר פיסקל און זיי אויסלייגן איינס-אויפס-אַנדערע, איינס לעבן אַנדערן. אַ גאַנצע וואָך אַזוי, ביז ס'איז פאַרטיק געוואָרן איר נעסט. האָט זי זיך אַזוי צעזונגען פאַר פרייד, אַז אַלע אירע שכנים זענען געקומען צוגאַסט, זיך אויסגעשטעלט אויף די צווייגן און באַוואונדערט די גראָמע שטאַרקע נעסט. אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיי געצוויטשערט און געזונגען פאַר פרייד.

און דער בוים האָט זיך דערמאָנט ווי אַלע זונטיק בייטאָג פלעגן טאַטעס און מאַמעס קומען אַהער מיט זייערע קינדערלעך און אויסשפּרייטן אַ קאָלדרע אויפן גראָז און זיך אַוועקזעצן, און ער, דער בוים, פלעגט אויסשפּרייטן איבער זיי זיינע לאַנגע געדיכטע צווייגן און זיי באַשיצן פון דער הייסער זון. און די קינדער זענען אַרומגע-לאָפן אַרום אים און זיך געשפּילט אין כאַפּערלעך און דאָס קליינע ברוינע וועוועריקל, וואָס ווינט ניט ווייט פון דאַנען, פלעגט זיך אויפשטעלן אויף די אינטערשטע צוויי פיסלעך און צעקנאַקן אַ ניסעלע, וואָס די קינדער האָבן אים צוגעוואָרפן, אָדער אַרויפקריכן העט־העט אויפן שפּיץ בוים און אַרומלויפן איבער די צווייגן.

די קינדערלעך האָבן געלאַכט, די פייגעלעך האָבן געזונגען, די שיפן אויפן האָדסאָן האָבן געמאַכט מו־ו, און די בלעטעלעך זויפן בוים האָבן זיך געבאָדן אין דער זון — אַ מחיה.

און איצט זענען שוין די קינדער נישטאָ און דאָס וועוועריקל לויפט אַרום זוכן עפּעס צו עסן און באַלד, באַלד וועלן די פייגל אויך אַוועקפליען. אזוי האָט דער בוים געטראַכט און ס'איז אים געוואָרן זייער אומעטיק.



און טראַכטנדיק אַזוי איז דעם בוים איינגעפאַלן אַ געדאַנק: אַי, ווען איך קאָן פאַרהאַלטן מיינע בלעטער, דער ווינט זאָל זיי נישט אָפּרייסן וואָלט איך דאָך געגרינט אַ גאַנצן ווינטער, וואָלטן אפשר די פייגעלעך נישט אַוועקגעפלויגן פון מיר, וואָלטן אפשר די קינדערלעך געקומען אַמאָל אין אַ זונטיק זיך שפּילן אין כאַפּערלעך און געבראַכט ניסעלעך דעם וועווריקל, וואָלט מיר פריילעך געווען.

— פייגעלע, פייגעלע, — האָט דער בוים זיך געוואָנדן צו דער מוטער-פויגל אין נעסט.

— ששש! — האָט דער פויגל געזאָגט. — וועסט אויפוועקן מיינע קינדער. וואָס ווילסטו?

— איך וויל דיך עפּעס בעטן, — האָט דער בוים געזאָגט שטילערהייט. — אפשר וואָלסטו היי-יאָר נישט אַוועקגעפלויגן פאַרן ווינטער נאָר געבליבן דאָ מיט מיר.

דער פויגל האָט זיך אַזוי צעלאַכט פון דעם בוימס געדאַנק, אַז ער האָט אַזש אויפגעוועקט די קליינע פייגעלעך. — וואָס, אַזאַ גרויסער בוים ווי דו, האָסט מורא צו



זיין אַליין? — האָט דער פויגל זיך געוויצלט. — איך וועל דאָך דאָ פאַרפרוירן ווערן מיט מײַנע קינדער צוזאַמען.

— זאָרג ניט, — האָט דער בוים געזאָגט. איך וועל דיך גוט איינדעקן מיט מײַנע בלעטער.

— און ווו וועסטו זיי נעמען? — האָט דער פויגל געפּ־עגט. — באַלד, באַלד וועסטו דאָך בלייבן אַ נאַקעטער.

— דאָס וועט נישט געשען, — האָט דער בוים געזאָגט. — איך וועל באַלד באַפעלן אַלע מײַנע צווייגן און צווייגלעך אַז זיי זאָלן איינהאַלטן אַלע מײַנע בלעטער פאַרן גאַנצן ווינטער.

— נאַרישער בוים! - האָט אים דער פויגל געזאָגט. — וואָס דאַרפסטו איינ-האַלטן דײַנע אַלטע פאַרטריקנטע בלעטער, ווען באַלד נאָכן ווינטער קומט דער פרי-לינג און עס הויבן אָן שפּראָצן אויף דיר נײַע, פרישע און געזונטע בלעטער?

— דיר איז גרינג צו זאָגן וואַרטן ביזן פרילינג, — האָט דער בוים אַ זיפץ געטאָן — דער ווינטער איז דאָ זייער אַ לאַנגער.

— איז וואָס האָסטו קיין צייט ניט? — האָט דער פויגל אים אָפּגעענטפערט. — וואָס איז די אײַלעניש? האָסט עפּעס אַנדערש צו טאָן ווי וואַרטן? וועסט דאָך סײַ ווי נישט אַוועקגיין פון דאַנען, ביסט דאָך אַ בוים, און אַ בוים גייט אין ערגעץ נישט.

דאָס האָט שוין דעם בוים אַ ביסל פאַרדראָסן — אַזאַ פויגל-שנעק! ער איז דאָך



נישט קיין סך גרעסער פונעם קלענסטן בלעטל מיינעם, וועט ער מיר זאָגן וואָס צו טאָן? — און ער האָט גלייך באַפוילן אַלע צווייגן און צווייגלעך אַז זיי זאָלן נישט לאָזן דעם ווינט קיין איין בלעטל אָפּרייסן פון זיך.

דאָס ווינטל, וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט אויף דר׳ערד און זיך געשפּילט מיט די אָראַפּגעפאַלענע בלעטער, האָט זיך גוט צוגעהערט צו אַלץ וואָס דער בוים האָט געזאָגט, האָט זיך אָנגעבלאָזן ווי אַ ווינט און געטאָן אַ סווישטש דורך איבער אַלע ביימער אין געגנט און זיי אַריינגעווינטלט די נייעס אין די צווייגן: „איר הערט, ער וויל דאָך ניט אָפּגעבן די בלעטער!"

— ווער? — האָבן די ביימער געפרעגט.

— אָט יענער דאָרט, דער הויכער בוים, — האָט דער ווינט וויל־יונגעריש געזאָגט.

— נו, וואָס־זשע וועט זיין? — האָבן די ביימער זיך געחידושט.

— אָט באַלד וועט איר זען וואָס ס׳וועט זיין, — האָט דער ווינט אַ בלאָז געטאָן פון זיך, און איידער וואָס־ווען איז ער פאַרשוואונדן, צונויפגערופן אַלע ווינטלעך אין געגנט און געזאָגט: „חברה! קומט מיט מיר!"

דער ווינט פאָראויס און די ווינטלעך נאָך אים האָבן געטאָן אַ סווישטש־דורך דעם הויכן בוים מיט אַזאַ אימפעט, אַז דער בוים האָט זיך איינגעבויגן, און נאָך איידער ער האָט באַוויזן זיך צוריק אויסצוגלייכן, זענען שוין אַ העלפט פון זיינע בלעטער געלעגן אויף דער ערד.

— האַלט זיך פעסט! — האָט דער בוים געשריגן צו די איבערגעבליבענע בלע־טער. — לאָזט ניט! — האָט דער בוים באַפוילן זיינע צווייגן.

דער ווינט האָט זיך אויסגעדרייט און איז ווידער אַדורכגעפלויגן דורכן בוים.

די יוטער־פויגל האָט געזאָגט צו די פייגעלעך: „קומט, לאָמיר אַנטלויפן פון דאַנען". און זיי זענען אַריבערגעפלויגן צו אַ שכנהס נעסט אויף אַן אַנדערן בוים.

דער הויכער בוים איז געבליבן אינגאַנצן נאַקעט. בלויז צוויי גרינע בלעטלעך האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט העט־העט אויבן אויפן שפּיץ בוים.

אַביסל שפּעטער, ווען דער גרויסער ווייסער וואָלקן איז אינגאַנצן צערונען געוואָרן, האָט די זון אַ שמייכל געטאָן צום בוים און אים געטרייסט: „זאָרג נישט, זאָרג נישט. די צייט לויפט. דער ווינטער וועט אַריבער און דער פרילינג וועט קומען, וועסטו האָבן נייע גרינע בלעטער".

אויפן אַנדערן טאָג, גאַנץ פרי, האָט דער בוים געזען ווי אַ מחנה פייגל האָט זיך געלאָזט און וועג אַריין. צווישן זיי האָט ער דערקענט די מוטער־פויגל מיט אירע פייגעלעך, וואָס האָבן געוווינט ביי אים אַ גאַנצן זומער.

לאַנג, לאַנג האָט זיי דער בוים נאָכגעקוקט און צוגעפאַכעט מיט די צוויי גרינע בלעטעלעך.

ווען די פייגעלעך זענען פאַרשווונדן, האָט דער בוים איינגעדרימלט אויפן גאַנצן ווינטער און געחלומט פון זומער.

(ס ו ף)

## וואָס דער ביג-בען האָט דערציילט

ס'איז געווען שוין זייער שפּעט ביינאַכט און פינק דער זייגערמאַכער איז געשלאָפן זייער געשמאַק.

די זייגערלעך אָבער שלאָפן קיינמאָל נישט, זיי האַלטן אין איין גיין. זיי האָבן נישט קיין צייט זיך אָפּצושטעלן, ווייל זיי דאַרפן אַלעמאָל ווייזן די צייט. טאָג און נאכט, אַפילו ווען אַלע מענטשן שלאָפן שוין, מוזן די זייגערלעך זיין וואַך, ווייל טאָמער וועט זיך עמעצער אויפכאַפּן פונעם שלאָף און וועט וועלן וויסן וויפל דער זייגער האַלט.

און ווען אַ זייגערל ווערט שלאַף, און עס לאָזן זיך אים אויס די כּוחות, און עס רוט זיך אָפּ אַ ווײַלע, גיט מען עס גלייך אַ דריי־אָן — עס זאָל ווייטער גיין. און ווען אַ זייגערל ווערט מיד און הויבט אָן גיין פּאַמעלעך און פאַרשפּעטיקט זיך אויף אַ פּאָר מינוט; אָדער ווען עס ווערט נערוועז און הויבט אָן לויפן און כאַפּט אַריין אַ פּאָר מינוט, טראָגט מען עס אַוועק צו פינקן, אָדער צו אַן אַנדערן זייגערמאַכער, ער זאָל עס פאַריכטן.

און ווען אַ זייגערל געפינט זיך ביי פינקן אין זייגער־וואַרשטאַט, איז עס אין אַן אייגענער וועלט, מיט נאָך אַנדערע קאַליע־געוואָרענע זייגערס, ווי אַ קראַנקער אין אַ שפּיטאָל. און שפּעט ביינאַכט, ווען פינק שלאָפט שוין געשמאַק אויף זיין בעט, צערעדט מען זיך, פרעגט מען זיך פאַנאַנדער: ווו הייסטו? וואָס פעלט דיר? וואָס טוט דיר וויי? ווייל יעדן טאָג ברענגט מען נייע פּאַציענטן, דאַרף מען זיך באַקענען.

אינדרויסן האָט דער גרויסער טורעם־זייגער אויסגעקלונגען דריי מאָל און יעדער קלונג איז אַרויסגעקומען קלאָר און הויך.

„דריי אַ זייגער!" האָט אַ קײלעכדיק קעשענע־זייגערל אין פינקס זייגער־וואַרשטאַט אויסגערופן, און אַלע זייגערס און זייגערלעך האָבן אויף זיך אַ קוק־געטון צו זעען וויפל זיי האַלטן.

אַ קליין פּרויען־האַנט־זייגערל, ווי אַ גראָשן די גרויס, געמאַכט פון ריינעם גאָלד און אָנגעפילט מיט אַ סך טייערע דימענטלעך, וואָס גייט מיט אַזעלכע שטילע, דריבנע טיק־טאַק־טריטעלעך, האָט זיך צעפינקלט און אַ זאָג־געטון: „איך האַלט דריי, פּונקט

צו דער סעקונדע. איך בין שוין געזונט. מאָרגן וועט די מאַדאַם מיך קומען אַהיימנעמען".

אַ ביליק האַנט-זייגערל, וואָס האָט נישט קיין איין דימענטל אין זיך און געהערט צו אַן אָרעמער אַרבעטערין, האָט אַ קוק-געטון אויף זיך און געזאָגט: — „שוין ווידער פאַרשפעטיקט אויף גאַנצע צוויי מינוט. אפילו פינקס אָפּעראַציע האָט אויך נישט געהאָלפן. דער אמת איז, אַז צופיל צייט האָט ער אויף מיר נישט פאַרבראַכט. ווייזט אויס, ער האָט פיינט אַזעלכע זייגערס ווי איך. „ביסט אַ ביליקע מאַכערייקע", האָט ער אין מיר אַריינגעבורטשעט, בעת ער האָט געאַרבעט אויף מיר. „אַ שאָד צו פטרן צייט אויף דיר". דערנאָך האָט ער מיר געגעבן אַ שטאָך אין דער ספּרונזשינע, מיך צוריק פאַרמאַכט און מיך אויפגעהאָנגען אויף אַ טשוועקל. און איך הענג מיר שוין אַזוי זעקס וואָכן צייט, ווייל מיין באַלעבאָסטע האָט אַפילו נישט דאָס געלט מיך אויסצולייזן. און מיר איז גוט ווי די וועלט, ווייל איך שלאָף אַמאָל איין אויף עטלעכע טעג ביז פינק דערזעט מיך און דרייט מיך ווידער אָן".

דאָ האָט זיך שוין אַריינגעמישט דער גרויסער וואַנט-זייגער, וואָס געהערט טאַקע צו פינקן אַליין. אַלע זייגערלעך און זייגערס האָבן פיינט אָט דעם וואַנט-זייגער, ווייל ער איז זייער שטרענג און היט אָפּ די צייט צו דער סעקונדע. און ווען פינק פאַריכט אַ זייגערל שטעלט ער עס אָן לויט דער צייט פונעם וואַנט-זייגער. צוליב אים האָבן שוין אַ סך זייגערלעך געדאַרפט דורכמאַכן אָפּעראַציעס, דערפאַר וואָס זיי האָבן זיך פאַרשפעטיקט אויף איין מינוט. די זייגערלעך דאָ קוקן אויף אים ווי אַרבעטער אויף אַ בייזן אויפזעער אין אַ פאַבריק, וואָס חנפעט זיך צום באַלעבאָס.

„פריי זיך נישט אַזוי", האָט דער וואַנט-זייגער געזאָגט צום ביליקן האַנט-זייגערל. „פינק וועט דיך דאָ לאַנג נישט האַלטן. זעקס וואָכן הענגסטו שוין. אין זעקס וואָכן אַרום, אויב די אַרבעטערין וועט דיך נישט קומען אָפּנעמען, וועט דיך פינק פאַרקויפן".

אַן אַלטער אָפּגעריבענער קעשענע-זייגער האָט אַ זיפץ-געטון: — מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב פיבער. איך בין שוין זיבן מינוט נאָך דריי. איך בין שוין אַלט און צעבראָכן, נאָר מיינע ווייזערס לויפן ווי פון היץ".

ער האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, דער אַלטיטשקער, נאַר דאָ האָט זיך דערהערט אַ טיפער קרעכץ פון דעם גרויסן וועק-זייגער, ביג-בען, זענען אַלע שטיל געוואָרן. אַלע האָבן געוווסט, אַז ביג-בען האָט היינט דורכגעמאַכט אַ שווערע אָפּעראַציע. גאָר, גאָר לאַנג האָט פינק געאַרבעט אויף אים ביז ער האָט אים צוריק לעבעדיק געמאַכט. ער האָט אויסגעקוקט זייער שלעכט ווען זיין אייגענטימער, אַן עלטערער מאַן מיט אַ פאַרהאָרעוועט פּנים, האָט אים אַריינגעבראַכט. דאָס קלינג-דעכל איז געווען צעפּלאַטשט, דאָס שייבל צעבראָכן, איין ווייזער צעקרימט און דער צווייטער האָט אינגאַנצן געפעלט. נאָר דאָס איז נאָך גאָרנישט קעגן דעם ווי ער האָט אויסגעקוקט אינעווייניק. די ספּרוזשינע געפּלאַצט, די שרייפּעלעך און אַלע רעדלעך צעוואָרפן.

אַלע האָבן געוואָלט וויסן, ווי אַזוי דאָס אומגליק האָט געטראָפן. צי האָט אים אַ טראַמוויי איבערגעפאָרן, צי האָט אים עמעצער פון צוואָנציקסטן שטאָק אַראָפּגעוואָרפן? ווי אַזוי ווערט עס אַזאַ געזונטער זייגער אַזוי צעשעדיקט? נאָר קיינער האָט נישט געוואַגט רעדן צו אים נאָך דער שווערער אָפּעראַציע. זאָל ער פריער קומען צו זיך, האָבן זיי זיך געטראַכט.



איצט, ווען דער גרויסער טורעם־זייגער אין דרויסן האָט אויסגעקלונגען דריי, האָט אויך דער ביג־בען אַ קוק געטון אויף זיך און געטון אַ הייזעריקן כריפ: —„דריי" ער האָט שווער געאָטעמט און שווער געקלאַפּט, ווי זיין גאַנצער מעכאַניזם וואָלט זיך אָנגעשטרענגט אויסצושלאָגן יעדן טיק און יעדן טאַק.

„יאָ", האָט דער ביג־בען צום ערשטן מאָל גערעדט. „איך לעב".

אַ יונג, שיין זייגערל, וועמען ס'האָט געפעלט אַ האַלבער ווייזער, איז געווען אַזוי נייגעריק, אַז עס האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן, „זאָג נאָר, ביג־בען, וואָס האָט פּאַסירט מיט דיר? ווער האָט דיך אַזוי צעמזיקט?"

דאָס איז מיין אייגענע שולד", האָט ביג־בען אַרויסגעבורמעט, „נאָר עס טוט מיר נישט באַנג. איך האָב עס געמוזט טון. איך האָב עס שוין נישט געקענט אַריבער־טראָגן".

„אַליין זיך צעשלאָגן", האָבן אַלע זיך געוווּנדערט, „ווי איז דאָס מעגלעך?"

„איך בין נאָך שטאַרק אָפּגעשוואַכט, נאָר אַז איר וועט זיין שטיל, וועל איך אייך דערציילן וואָס מיט מיר איז געשען".

„דערצייל, דערצייל", האָבן אַלע זייגערס זיך געבעטן ביי אים. און ס'איז טאַקע גלייך שטיל געוואָרן.

„איך בין אַ וועק־זייגער", האָט ביג־בען אָנגעהויבן. „מיך קויפט מען נישט צו ווייזן די צייט, נאָר אויפצוּוועקן אין צייט. און קויפן — קויפן מיך מערסטנס אָרעמע מענטשן, שווערע אַרבעטער, בעלי־מלאכות. די, וואָס דאַרפן אויפשטיין פּאַרטאָג צו דער אַרבעט און האָבן מורא זיי זאָלן נישט פאַרשלאָפן. איך דין ביי אַ בעקער און דין אים געטריי שוין 26 יאָר. יאָ, נאָך מיט 26 יאָר צוריק האָט אברהמל דער בע־קער מיך געקויפט אין אַ זייגער־געשעפט, און נאָך טאַקע יענע נאַכט האָב איך אים אויפגעוועקט פיר פּאַרטאָג צו דער אַרבעט, און אַזוי טאָג־איין־און־טאָג־אויס האָט ער מיך פאַרן שלאָפן גיין אָנגעדרייט און אָנגעשטעלט, און פונקט פיר פּאַרטאָג האָב איך זיך צעקלונגען מיט אַזאַ ליאַרעם און געפילדער, אַז אברהמל האָט זיך אויפגעכאַפּט, זיך אויף גיך אָנגעטון און איז אַוועק צו דער אַרבעט.

„און איך בין געבליבן איינער אַליין אין זיין קליין צימערל און אַ גאַנצן טאָג אַוועק־געקלאַפּט די צייט — טיק־טאַק. און אַזוי זענען אַוועק די טעג, די וואָכן און די יאָרן און מיר זענען ביידע עלטער געוואָרן, אברהמל און איך.

„אַ וועק־זייגער באַמערקט אַ סך זאַכן, און איך האָב באַמערקט, אַז מיט יעדן טאָג איז אברהמלען אָנגעקומען שווערער און שווערער זיך אויפצוכאַפּן פונעם שלאָף. ער איז געווען מיד פון דער אַרבעט און די ביינער האָבן אים געבראָכן. נישט איין־מאָל האָב איך געדאַרפט קלינגען און קלינגען ביז צום לעצטן קלונג — ביז אברהמל האָט זיך אויפגעכאַפּט.

„און וואָס אַ טאָג האָט ער מיך מער פיינט געקראָגן. פונקט אַזוי ווי איך וואָלט שולדיק געווען אין דעם וואָס ער האָט געדאַרפט אויפשטיין אַזוי פרי. ער פלעגט מיט זיין שווערער האַנט מיר געבן אַזאַ זעץ איבערן קלינג־דעכל, אַז איך האָב עס געפילט אַ גאַנצן טאָג. נאָר איך האָב אברהמלען נישט פיינט געהאַט, ווייל כ'האָב געוווּסט פאַרוואָס ער טוט עס. איך האָב בלויז געטראַכט ביי זיך: פאַרוואָס האָב

איך געדאַרפט געבוירין ווערן אַ וועק-זייגער און אויפוועקן מידע אַרבעטער פון שלאָף? נאָר אויב שוין יאָ אַ וועק-זייגער, האָב איך געטראַכט, וועל איך דינען פינקטלעך און געטריי, אַז קיינער זאָל צוליב מיר זיין שטעל נישט פאַרלירן. און אַזוי איז טאַקע געווען. ווי מיד אברהמל זאָל נישט געווען זיין, האָב איך אים אַלץ אויפגעוועקט אין צייט.

„נאָר מיט דריי טעג צוריק איז אברהמל אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט און איך האָב גלייך דערקענט, אַז ער איז קראַנק. זיין פנים איז געווען פאַרפלאַמט און ער האָט שטאַרק געהוסט. לעבן מיר אויפן בענקל האָט ער אַוועקגעשטעלט אַ פלעשעלע מעדיצין. דאָס מאָל, טראַכט איך ביי זיך, וועט ער מיך נישט אָנשטעלן אויף פיר אַ זייגער, ווייל ער וועט בלייבן עטלעכע טעג אין בעט. ער מוז בלייבן אין בעט. נאָר איך האָב געהאַט אַ טעות. ער האָט מיך אָנגעדרייט און מיך אָנגעשטעלט אויף פיר פאַרטאָג, ווי אַלעמאָל.

„איך וועל יענע נאַכט קיינמאָל נישט פאַרגעסן. עס האָט מיר געבראָכן דאָס האַרץ. ער האָט געקרעכצט און געזיפצט; שווער געאָטעמט און שטאַרק געהוסט, און מיט יעדן הוסט האָט מיר אַזש אַ ריס געטון די ספּרונזשינקעס אינעווייניק.

„ניין", האָב איך צו זיך געזאָגט, „ביג-בען, דו וועסט אים היינט נישט אויפוועקן. ער מוז שלאָפן. ער מוז זיך גוט אויסרוען".

„אַ מינוט פאַר פיר פרעגט מיך דער וועקער: נו, וואָס וועט זיין? איך קלינג צי ניין?"

„ניין!" האָב איך געזאָגט.

אַ סעקונדע צו פיר, און דער וועקער זאָגט: „איך פרעג דיך צום לעצטן מאָל: יאָ צי ניין?"

„ניין!" — האָב איך זיך צעבייזערט.

פיר אַ זייגער „האַלט מיך איין!" שרייט צו מיר דער וועקער. „דער קלינגער רייסט זיך, ער וויל זיך צעקלינגען. איך קאָן אים נישט אָפּהאַלטן!

אַ קאַלטער שווייס האָט מיך באַגאָסן. מיט אַלע כוחות האָב איך איינגעהאַלטן אַלע רעדלעך, אַלע ספּרונזשינקעס און דעם קלינגער. אויף אַ סעקונדע האָב איך זיך איינגעאַנצן אָפּגעשטעלט און זיך געשטיקט און געוואָרגן מיט דעם נישט-צעקלונגענעם געקלאַנג אין מיר. און ענדלעך איז געוואָרן אַ מינוט נאָך פיר און איך האָב ווידער אָנגעהויבן גיין: טיק-טאַק — טיק-טאַק.

און אברהמל איז געשלאָפן און געשלאָפן. דער זייגער איז 5, און 6, און אברהמל שלאָפט נאָך. דער זייגער איז שוין 10, און 11, און אברהמל איז נאָך אַלץ געשלאָפן.

ערשט ווען דער זייגער איז געוואָרן 12 בייטאָג, האָט ער זיך פון זיך אַליין אויפגעכאַפּט.

„ס'איז טאָג!" האָט ער אויסגערופן אַ דערשראָקענער. „איך האָב פאַרשלאָפן!"
ער האָט זיך אויף גיך אויסגעדרייט צו מיר און מיר אַריינגעקוקט גלייך אין פנים אַריין.

„צוועלף אַ זייגער!" האָט ער אויסגעשריגן. „פאַרוואָס האָסטו נישט געקלונגען!?"

„טיק־טאַק“, האָב איך געענטפערט, „טיק־טאַק“. ווי איך וואָלט זיך נישט ווי־סנדיק געמאַכט.

ער האָט מיך אַ כאַפּ געטון אין זיין שווערער האַנט און מיך אַ וואָרף געטון צום דיל. עס האָט מיר אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די ווייזערס און איך האָב געפילט, אַז אַלץ אין מיר האָט זיך אָפּגעריסן. אַ פּאָר סעקונדן האָב איך נאָך געקלאַפּט טיק־טיק־טיק, טאַק־טאַק־טאַק. דערנאָך איז אַלץ געוואָרן פינצטער און איך האָב זיך אינ־גאַנצן אָפּגעשטעלט. און אויפגעכאַפּט האָב איך זיך ערשט דאָ, היינט בייטאָג, ביי פינקן אין זייגער־וואַרשטאַט“.

ווי־ער איז אַ געמורמל דורכגעלאָפן איבער די זייגערלעך. און יעדעס זייגערל האָט געהאַט עפּעס צו זאָגן וועגן דעם:

— אַ שיינע מעשה.

— אַ בראַוועער וועק־זייגער, דער ביג־בען.

— אַן ערלעכער זייגער.

— זאָל זיין שטיל, — האָט זיך אָנגערופן דאָס קליינע גאָלדענע האַנט־זייגערל מיט די טייערע דימענטלעך, — אַ גאַנצע נאַכט האַלט איר אין איין רעדן. איר לאָזט מיך נישט כאַפּן קיין דרימל.

— דו שווייג, דו קליין פּוסט־און־פּאַסניקל, — קיינער פרעגט ביי דיר נישט ווען צו רעדן, — האָט זיך דאָס שיינע יונגע זייגערל אָנגערופן מיט פאַרדראָס.

— ווען שטייט אויף דיין מאַדאַם ? — האָט ביג־בען אַרויסגעברומט.

— מיין מאַדאַם — האָט דאָס גאָלדענע זייגערל געזאָגט — איז זייער אַ רייכע. זי האָט צוויי דינסטן. זי שטייט אויף ווען זי וויל, אַמאָל 10 אַ זייגער און אַ מאָל 11 אַ זייגער. און די דינסטן ברענגען איר דעם פרישטיק גלייך אין בעט אַריין.

— טיש־טיש — האָבן אַלע זייגערלעך מיט חוזק נאָכגעקרימט, — דעם פרישטיק גלייך אין בעט אַריין.

עס איז געוואָרן אַ טומל און אַלע האָבן גערעדט מיטאַמאָל, און אלע האָבן זיך געבייזערט אויף דעם גאָלדענעם זייגערל, וואָס עס בלאָזט פון זיך אַזוי. נאָר פּלוצ־לונג איז שטיל געוואָרן, ווייל עס האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר. עמיצער איז געקומען גאַנץ פרי שוין, אָפּנעמען אַ זייגער, און פינק איז נאָך נישט געווען אין וואַרשטאַט. דאָס איז געווען אברהמל דער בעקער. ער איז געקומען אָפּנעמען דעם ביג־בען, ווייל מאָרגן דאַרף ער ווידער גיין צו דער אַרבעט.

אברהמל האָט צוגעוואַרט ביי דער טיר ביז פינק האָט ווידער געעפנט זיין זייגער־וואַרשטאַט. דערנאָך האָט ער אָפּגעצאָלט און צוריק אַוועקגענומען אַהיים זיין ביג־בען.

ווען אברהמל מיט זיין וועק־זייגער זענען שוין געווען אויף יענער זייט טיר, האָבן די זייגערס און זייגערלעך נאָך לאַנג געטראַכט פון דער מעשה וואָס דער ביג־בען האָט זיי דערציילט.

„אַ בראַוועער זייגער, דער ביג־בען“, האָט דאָס יונגע, שיינע זייגערל אַ שעפּשע געטון.

„יאָ“, האָבן אַלע צוגעשטימט, „אַ בראַוועער און אַן ערלעכער זייגער, דער ביג־בען“.

(ס ו ף)

# היינט מאָרגן

.1

אמאָל איז געווען אַ יינגעלע, האָט ער געהאַט אַ מאָדנעם נאָמען, ער האָט געהייסן היינט. וואָלט דאָס אפשר (עפּשער) נישט געווען אַזוי שלעכט, האָט ער אָבער, ווי אַלע יינגלעך, געהאַט אויך אַ צווייטן נאָמען, און דער צווייטער נאָמען איז געווען מאָרגן. צוזאַמען האָט ער גע'הייסן היינט מאָרגן. און דאָס איז שוין געווען נישט אַזוי גוט, ווייל אַ סך מענטשן האָבן געלאַכט פון אים, אַפילו ווען ער האָט גאָרנישט געטון.

איין מאָל, אינדערפרי, האָט די מאַמע אים געשיקט קויפן פרישע בולקעלעך אויף פרישטיק. ווי נאָר ער איז אַריין אין דער בעקעריי, האָט דער בעקער אויסגערופן צו אים: „גוט מאָרגן". איז דאָס יינגעלע געבליבן שטיין פאַרוווּנדערט און געזאָגט צום בעקער: „פון וואַנען ווייסט איר מיין נאָמען?"

האָט דער בעקער געזאָגט: „איך ווייס נישט דיין נאָמען. ווי הייסטו טאַקע, יינגעלע?"

זאָגט דאָס יינגעלע: — היינט.

צעלאַכט זיך דער בעקער און פרעגט: „זאָג-זשע מיר, יינגעלע, און ווי וועסטו הייסן מאָרגן?"

זאָגט דאָס יינגעלע: „געטראָפן, מאָרגן."

צעלאַכט זיך שוין דער בעקער נאָך אַמאָל און פרעגט:

— און ווי וועסטו הייסן איבער-מאָרגן?

זאָגט דאָס יינגעלע:

— איבער-מאָרגן וועל איך הייסן אַזוי ווי נעכטן און היינט, היינט מאָרגן.

דאָ צעלאַכן זיך שוין די קונים (קוינעם) אויך און דער בעקער לאַכט נאָך העכער פון אַלע: „האַ-האַ-האַ און האָ-האָ-האָ! אוי איז דאָס יינגל אַ מזיק (מאַזעק), אוי איז דאָס יינגל אַ שטיפער."

האָט זיך דאָס יינגל פאַרשעמט און איז אַרויסגעלאָפן פון דער בעקעריי. „איך



וועל מער קיינעם נישט אויסזאָגן מיין נאָמען", האָט ער ביי זיך באַשלאָסן, „און אַז די מאַמע וועט וועלן בולקעלעך, וועט זי אַליין קויפן, אַנישט זאָל זי בייטן מיין נאָמען."

.2

נאָר בייטן אַ נאָמען איז נישט אַזוי גרינג, און לעבן אָן אַ נאָמען קאָן מען נישט, ווייל אַלץ וואָס געפינט זיך אויף דער וועלט האָט אַ נאָמען. אַפילו אַ קנעפל הייסט „קנעפל", און אַ שפּענדל הייסט „שפּענדל", און אַ טשוועקל הייסט „טשוועקל". האָט זיך דאָס ייִנגעלע ביסלעכווייז צוגעוווינט צו זיין נאָמען, נאָר ליב געהאַט אים האָט ער נישט, ווייל מענטשן פלעגן נאָך אַלץ לאַכן פון אים.

איז ער גאַנצע טעג געזעסן אין דער היים און אין שול האָט ער נישט געוואָלט גיין, ווייל ער האָט מורא (מוירע) געהאַט, אַז קינדער וועלן אויך לאַכן פון אים.

נאָר אַזוי ווי אַ ייִנגעלע דאַרף זיך מיט עמעצן שפּילן, האָט ער פון גאַס אַריינ־געבראַכט אַ קליין היימלאָז און הונגעריק קעצעלע און זיך געשפּילט דערמיט. ער האָט דאָס קעצעלע אַ נאָמען געגעבן נעכטן, און דאָס קעצעלע האָט זיך נישט גע־שעמט מיטן נאָמען און עס האָט נישט געלאַכט פון היינט־מאָרגן.

היינט־מאָרגנס מאַמע האָט יעדן טאָג איינגעטענהט (איינגעטיינעט) מיט אים: היינטל, וואָס וועט זיין דער סוף (סאָף)? די טעג גייען, און די וואָכן גייען, און היינט מאָרגן וועסטו ווערן אַ גרויסער בחור (באָכער) און דו שפּילסט זיך גאָר מיט קעץ".

און היינט מאָרגנס טאַטע פלעגט זאָגן: „קעצישער קאָפּ, אויב דו וועסט נישט גיין אין שול, וועסטו דאָך נישט קענען אַפילו דיין נאָמען אונטערשרייבן.״

דערויף פלעגט דאָס ייִנגעלע ענטפערן: „אַזא נאָמען ווי איך האָב ווי ל איך נישט קענען אונטערשרייבן.

אַלע אינדערפרי און אַלע פאַרנאַכט האָט דאָס ייִנגעלע היינט-מאָרגן גענומען דאָס קעצעלע נעכטן אויף אַ שפּאַציר אויף דער פרישער לופט.

.3

איינמאָל אין אַ קאַלטן ווינטער פאַרנאַכט, ווען היינט-מאָרגן איז געגאַנגען שפּאַצירן מיט זיין קעצעלע, האָט ער דערזען ווי אַ קליינטשיק הינטעלע שטייט לעבן אַ טיר און ציטערט פון קעלט. דאָס הינטעלע איז געווען ברוין און איז אַלט געווען אינגאַנצן זעקס וואָכן. היינט-מאָרגן האָט דאָס הינטעלע אויפגעהויבן פון דער ערד און עס פאַררוקט אונטער זיין מאַנטל, ס׳זאָל אים זיין וואַרעם, און גלייך אויפן אָרט האָט ער דעם הינטעלע אַ נאָמען געגעבן: איבערמאָרגן.

— איצט, — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין — ייִנגעלע היינט-מאָרגן און הינטעלע איבערמאָרגן.

ס׳איז אים זייער געפעלן געוואָרן, וואָס ער האָט געפונען נאָך אַ פריינט, מיט וועמען זיך צו שפּילן, האָט ער דאָס קעצעלע אויך באַהאַלטן אונטערן מאַנטל און איז מיטביידע געלאָפן אַהיים.

— מאַמע, מאַמע! — האָט ער אויסגערופן מיט גרויס פרייד, אַזוי גיך ווי ער



האָט געפּעפּנט די טיר—זע נאָר וואָס כ'האָב געפונען אין גאַס—אַ הינטעלע, און עס הייסט א י ב ע ר מ אָ ר ג ן. — און ער האָט דאָס קעצעלע און הינטעלע אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד.

— וואָס? — האָט די מאַמע אויסגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר אויגן — אַ קאַץ איז דיר נאָך ווייניק? דאַרפסט מיר נאָך ברענגען אַ הונט אין שטוב אַריין. נעם שוין דעם א י ב ע ר מ אָ ר ג ן און וואַרף אים אַרויס פון דאַנען, אַז נישט וועל איך דיך אַרויסטרייבן צוזאַמען מיטן נ ע כ ט ן.

ה י י נ ט ־ מ אָ ר ג ן האָט זיך אָנגעבויגן צום דיל, אויפגעהויבן דאָס הינטעלע און געזאָגט: — „קום א י ב ע ר מ אָ ר ג ן, דו קענסט דאָ נישט בלייבן. אפשר וועט עמיצער אַנדערש דיך אַריינלאָזן". ווען ער איז אַרויס פון שטוב איז אים נ ע כ ט ן נאָכגעגאַנגען, מיט ווייכע קעצישע טריטעלעך.

אין דרויסן איז געווען טונקל און קאַלט און מענטשן האָבן זיך געאײַלט אַהיים פון דער אַרבעט, און האָבן אַפילו נישט געוווּסט, אַז ה י י נ ט ־ מ אָ ר ג ן טראָגט אַ קאַלט, ציטערדיק א י ב ע ר מ אָ ר ג נ ד ל אונטערן מאַנטל. און אַז אַ קליין נעכ־ ט נ ד ל גייט אים נאָך מיט ווייכע קעצישע טריטעלעך.

.4

ה י י נ ט ־ מ אָ ר ג ן איז געבליבן שטיין אויפן ראָג און נישט געוווּסט וואָס צו טון און וווּהין צו גיין, ער איז געוואָרן אַזוי טרויעריק, אַז אים האָט זיך אַזש גע־ גלוסט וויינען. נאָר ער האָט זיך איינגעהאַלטן ווייל ער האָט זיך געשעמט פאַר



א י ב ע ר מ אָ ר ג ן. איך און נ ע כ ט ן, האָט ער בײ זיך געטראַכט, װײסן כאָטש װוּ מיר װוינען, נאָר א י ב ע ר מ אָ ר ג ן װײסט דאָך אַפילו נישט װוּ ער װעט זײן הײנט און מאָרגן.

און װי ער איז אַזױ געשטאַנען אַ טרויעריקער און פאַרזאָרגטער, האָט ער דער־זען װי דרײ ײנגעלעך און צװײ מײדעלעך מיט ביכלעך אין די הענט לױפן צו צו אַ הויז, גײען אַרײַן אַהין און פאַרשװינדן. אַ װײַלע שפּעטער איז נאָך אַ ײנגעלע אָנ־געלאָפן מיט ביכלעך אין דער האַנט, און אַרײַן און פאַרשװוּנדן. אין אַ פּאָר מינוט האָט ער איבערגעציילט אַכט ײנגעלעך און זיבן מײדעלעך.

אַזױ פיל קינדער אין אײן הויז, טראַכט בײ זיך ה י י נ ט - מ אָ ר ג ן אפשר װעט עמיצער פון זײ װעלן אַרײַננעמען צו זיך א י ב ע ר מ אָ ר ג ן? מ׳דאַרף אַ קוק טון. און װי נאָר ער איז אַרײַן אין קאָרידאָר פונעם הויז, האָט ער דערהערט אַ טומל און אַ געלעכטער, װאָס האָט זיך געקײַקלט אַראָפּצוצו פונעם ערשטן שטאָק און האָט זיך צעקלונגען איבערן גאַנצן הויז. נאָר מיטאַמאָל איז שטיל געװאָרן, װי ס׳װאָלט קײנער אין הויז נישט געװען.—טשעקאַװע, טראַכט בײ זיך ה י י נ ט - מ אָ ר ג ן, מ׳דאַרף אַ קוק־טון װאָס דאָרט קומט פאָר.

ער האָט אױפגעהױבן ס׳קעצעלע פון דער ערד און עס באַהאַלטן אונטערן מאַנטל נעבן הינטעלע.

— ששש... — האָט ער צו זײ געזאָגט — זײט זײער שטיל, װעלן מיר אַרויפגײן מיט די טרעפּ און זען װער עס װוינט דאָרט.

נ ע כ ט ן און א י ב ע ר מ אָ ר ג ן האָבן אָנגעקוקט ה י י נ ט - מ אָ ר ג ן, צו־געלײגט די קעפּלעך אײנס צום אַנדערן און געװאָרן זײער שטיל.

װען ה י י נ ט - מ אָ ר ג ן איז אַרויף אויפן ערשטן שטאָק, האָט ער דערזען אַן אָפענע טיר. ער האָט זיך פאַמעלעך צוגעשאַרט בײ דער װאַנט און מיט אַ װינקל פון אויג אַרײַנגעקוקט אַהין. ער האָט געזען װי ײנגעלעך און מײדעלעך זיצן בײ קלײנע טישעלעך און שרײַבן עפּעס אין העפטן, און אַ מאַן שטײט לעבן אַ גרויסן שװאַרצן טאָװל און שרײַבט אויף אים מיט װײסן קרײד. האָט ער שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס מוז זײן אַ קלאַס־צימער פון אַ שול. האָט ער שוין געװאָלט אַװעקגײן, װײל פאַר אַ שול האָט ער מורא (מוירע) געהאַט.

דערװײל האָבן נ ע כ ט ן און א י ב ע ר מ אָ ר ג ן זיך צערעדט אויף אַ קעצע־לע־הינטעלע שפּראַך. בלויז מיט די אויגן האָבן זײ גערעדט. אַזױ שטיל, אַז אַפילו ה י י נ ט - מ אָ ר ג ן האָט ער נישט געהערט װאָס זײ זאָגן.

און זײ האָבן זיך בײדע געגעבן אַ גנבע (גאַנװע) אַפּ־ר פון אונטער ה י י נ ט - מ אָ ר ג נ ס מאַנטל און זיך געלאָזט שפּאַנען צום קלאַס־צימער. א י ב ע ר מ אָ ר ג ן איז געגאַנגען פאָרויס און נ ע כ ט ן איז אים נאָכגעגאַנגען פון הינטן מיט װײכע, קעצישע טריטעלעך. און ה י י נ ט - מ אָ ר ג ן װאָלט אַפילו נישט ג־װוּסט דערפון, װען אַ מײדעלע אין קלאַס־צימער װאָלט נישט אויפגעהױבן דעם קאָפּ און דערזען די צװײ נײע געסט:

— קינדער,—האָט זי אויסגערופן מיט גרויס פרײד—זעט נאָר, אַ הינטעלע און אַ קעצעלע!

די קינדער האָבן זיך אַ לאָז געטון פון די בענקלעך און אין קלאַס איז געװאָרן אַ גרויסער טומל. דער לערער האָט זײ קוים אײַנגעשטילט. און װען אַלע זענען

ווידער געזעסן אויף די בענקלעך, האָט ער אויפגעהויבן פונעם דיל דאָס קעצעלע און דאָס הינטעלע און זיי אַוועקגעשטעלט אויפן טיש.

— זיי זענען אַוודאי (אַוואַדע) אָן אַ היים און אָן אַ נאָמען, — האָט דער לע־רער געזאָגט — איז לאָמיר זיי פריער געבן יעדן אַ נאָמען, און נאָכן לערנען, ווער עס וועט וועלן, וועט זיי קענען אַהיימנעמען צו זיך.

אַז היינט־מאָרגן האָט דאָס דערהערט, איז ער אַריינגעלאָפן אין קלאַס אַריין און אויסגערופן:

— זיי האָבן שוין נעמען! זיי האָבן שוין נעמען!

אין קלאַס איז געוואָרן שטיל און דער לערער האָט זיך געווענדט צום ייִנגעלע:

— ווי הייסן זיי?

האָט היינט־מאָרגן געזאָגט:

— דאָס קעצעלע הייסט נעכטן, און דאָס הינטעלע — איבערמאָרגן.

— זייער פיינע נעמען, — האָט דער לערער געזאָגט — ביז גאָר פיינע נעמען. און ווי הייסטו, ייִנגעלע?

דאָ האָט שוין היינט־מאָרגן אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגן, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט אויסזאָגן זיין נאָמען, וועלן אַלע לאַכן פון אים.

— נו, — האָט דער לערער געזאָגט — שעם זיך נישט, דו האָסט דאָך אַ נאָמען.

דאָס ייִנגעלע האָט זיך פאַרראָיטלט, געקוקט אויפן דיל און מיט אַ ציטערדיק קול (קאָל) געזאָגט:

— מיין נאָמען איז היינט־מאָרגן.

ער האָט דערוואַרט, אַז אין קלאַס זאָל אויסשיסן אַ געלעכטער, נאָר אַלע זענען געבליבן זיצן זייער שטיל און דער לערער האָט געזאָגט:

— איר הערט, קינדער, היינט־מאָרגן, זייער אַ שיינער נאָמען.

דערנאָך האָט זיך דער לערער אויסגעדרייט צום ייִנגעלע און געפרעגט:





— פאַרוואָס־זשע האָסטו נישט געוואָלט אויסזאָגן אַזאַ שיינעם נאָמען?

— ווייל אַלע לאַכן פון מיר — האָט זיך דאָס ייִנגעלע פאַרענטפערט. — דאָ האָט מען צום ערשטן מאָל נישט געלאַכט פון מיר.

— לאַכן גאָר פון אַזאַ שיינעם נאָמען, — האָט זיך דער לערער געוווּנדערט — מיר האָבן דאָ אַ ייִנגעלע הייסט ער יאָר־איין — יאָר־אויס, און קיינער לאַכט נישט פון אים.

— יאָר־איין — יאָר־אויס? — האָט היינט־מאָרגן איבערגעחזרט (איבערגעכאַזערט) — דאָס איז טאַקע אַ שיינער נאָמען. ווו איז דאָס ייִנגעלע? איך וויל אים זען.

אַ שיין געזונט ייִנגעלע מיט שוואַרצע האָר און קלוגע אויגן האָט זיך אויפגעשטעלט.

— אָט דאָס איז ער, — האָט דער לערער געזאָגט.

היינט־מאָרגן איז צוגעגאַנגען צו אים און זיי האָבן זיך געגעבן די הענט.

— איצט—האָט דער לערער געזאָגט, אָנווייזנדיק אויפן קעצעלע און אויפן הינטעלע.

— האָבן מיר שוין נעכטן, היינט־מאָרגן, איבערמאָרגן און יאָר־איין — יאָר־אויס.

דערנאָך האָט זיך דער לערער אויסגעדרייט צום נייעם ייִנגעלע און געזאָגט:

— אין וועלכער שול לערנסטו, היינט־מאָרגן?

— איך לערן נישט אין קיין שום שול — האָט היינט־מאָרגן געענטפערט — ווייל איך האָב מורא געהאַט, אַז די קינדער וועלן לאַכן פון מיר. נאָר אין אייער שול וויל איך לערנען, ווייל דאָ לאַכט מען נישט פון מיר.

— גוט, — האָט דער לערער געזאָגט — זייער שיין, ווילסט דאָ בלייבן היינט, צי ווילסטו אָנהויבן מאָרגן?

— היינט, — האָט היינט־מאָרגן געזאָגט — נאָר איידער איך זעץ זיך לערנען, וויל איך וויסן, ווער עס וועט אַהיימנעמען מיט זיך איבערמאָרגן. מיין מאַמע האָט אים אַרויסגעוואָרפן. זי זאָגט, אַז זי האָט נישט מער קיין אָרט אין שטוב ווי פאַר נעכטן.

— איך וועל אים נעמען — האָט יאָר־איין — יאָר־אויס געזאָגט — איך האָב פּלאַץ פאַר איבערמאָרגן.

היינט־מאָרגן האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקל און דער לערער האָט אים געגעבן אַ העפט און אַ בלייפעדער. נעכטן און איבערמאָרגן האָבן זיך דערווייל פאַרקליבן אין צוויי באַזונדערע ווינקעלעך פונעם קלאַס־צימער.

ווען דער קלאַס האָט ווידער אָנגעהויבן לערנען, האָט נעכטן איינגעדרימלט. נאָר איבערמאָרגן האָט געהאַלטן די אויגן אָפן, די אויערן אָנגעשפּיצט און זיך צוגעהערט.

(סוף)

# דריי ייִנגלעך און אַ ציג

.1

זיי זענען געווען דריי חברים און יעדער פון זיי האָט געהאַט אַ צונאָמען. איינעם האָט מען גערופן מעכל קאַפּוּיער, ווייל ר'איז געווען אַ גרויסער שטיפער און אַלץ האָט ער געטון פאַרקערט.

איינער האָט געהייסן שמשון, האָט מען אים גערופן שמשון־הגיבור, ווייל ער איז געווען זייער שוואַך. אויף אים האָט מען געזאָגט, אַז ער איז קליין ווי אַ פּלוי און שוואַך ווי אַ שטרוי. קוים וואָס ער גייט און קוים וואָס ער שטייט.

און דער דריטער האָט געהייסן שלמה. האָט מען אים גערופן שלמה־די־פּאַטשיילע, ווייל שטענדיק האָט אים ווי געטון אַ צאָן און שטענדיק האָט ער זיך געהאַלטן ביי דער באַק. יעדן אינדערפרי פלעגט די מאַמע אים איינוויקלען דאָס פּנים אין אַ וואָלענער פּאַטשיילע אויסצוואַרעמען די באַק.

אַלע דריי זענען זיי געווען אָרעמע ייִנגלעך, נאָר דער אָרעמסטער פון זיי איז געווען שמשון הגיבור. ווינטער האָט ער נישט געהאַט קיין שיך, זומער האָט ער נישט געהאַט קיין הויזן און אַ גאַנץ יאָר האָט ער נישט געהאַט וואָס צו עסן. און אַזוי ווי יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק איז ער געווען קראַנק, פלעגט ער ליגן אויף זיין בעטל נעבן פענצטער און דרויסן אַרויס און וואַרטן אויף זיינע צוויי חברים מעכל קאַפּוּיער און שלמה־די־פּאַטשיילע, וואָס פלעגן נאָכן חדר קומען צו אים און זיך אָנועקשטעלן אין דרויסן ביים פענצטער, און דורכן פענצטער אים דערציילן אַלץ וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין חדר.

דאָס פענצטער איז געווען נידעריק ביי דער ערד. האָבן זיי אַלעמאָל דורכן פענצטער אים אַריבערדערלאַנגט עפּעס צו עסן: אַ מאָל אַ שטיקל ברויט וואָס זיי האָבן אָפּגעשפּאָרט פונעם אייגענעם מיטאָג, אַ מאָל אַ בּאַרל אָדער אַ פּאָר קאַרשן וואָס זיי האָבן אָפּגעריסן פון אַ בוים, ווען קיינער האָט נישט געזען, און אַ מאָל האָבן זיי געבראַכט צופירן מעכלס מאַמעס ציג און באַוויזן מיט איר אַלערליי קונצן, אַבי שמשון הגיבור זאָל אַ ביסל לאַכן און פריילעך זיין.



.2

איינמאָל האָבן זיי געבראַכט די ציג צו שמשונס פענצטער, באַוויזן מיט איר אלערליי קונצן און שמשון האָט קוים-קוים אַ שמייכל געטון. ער איז כּמעט צו שוואַך צו לאכן.

איז מעכלען איינגעפאַלן אַ געדאַנק: ער וועט אויסמעלקן די ציג, טאַקע דאָ אויפן אָרט, און געבן שמשונען די מילך אויסצוטרינקען. זיין מאַמע פלעגט די ציגענע מילך פאַרקויפן צו אַ גביר אין שטעטל, וואָס האָט געהאַט אַ שוואַך, צע-פּיעשטשעט יינגל, וואָס האָט געהייסן וואָווע.

נישקשה, האָט מעכל איצט געטראַכט, וואָווע וועט נישט שטאַרבן פון הונגער אַז ער וועט איין טאָג זיך באַגיין אָן ציגענע מילך, שמשון הגיבור איז בילכער.

שלמהן-די-פאַטשיילען איז דער פּלאַן זייער געפעלן געוואָרן. ער איז אויף גיך אהיימגעלאָפן און געבראַכט אַ טעפּל. דערנאָך האָט ער צוגעהאַלטן די ציג ביי די הערנער, בעת מעכל האָט זי געמאָלקן.

די ציג האָט, אַלעמאָל אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו מעכלען און געמאַכט: „מע–ע–ע״ — ווי זי וואָלט אים פרעגן: — וואָס טוסטו, מעכל? „מע–ע–ע״ — האָט מעכל איר אָפּגעענטפערט און ווייטער געמאָלקן. „מע–ע–ע״ — האָט שלמה־די־פּאַטשיילע צוגעמעקעט. און שמשון הגיבור איז געווען אַזוי שוואַך, אַז ער האָט אפילו נישט געקענט אַרויסמעקן קיין „מע–ע–ע״.

מעכל האָט אָנגעמאָלקן אַ פול טעפּל וואַרעמע מילך און עס דערלאַנגט שמשונען דורכן פענצטער. שמשון האָט די מילך אויסגעטרונקען מיט איין צי און זיך אַזש באַלעקט די ליפּן מיט דער צונג.

ווען מעכל האָט אַהיימגעבראַכט די ציג, איז די מאַמע נאָך נישט געווען אין דער היים, האָט ער זי צוגעבונדן צוריק צום בעט ווי גאָרנישט וואָלט געשען. פאַרנאַכט־צו, האָט די מאַמע זיך גענומען, ווי אַלע טאָג אין דער צייט, מעלקן די ציג. זי גיט אַ מעלק, עס קומט גאָרנישט אַרויס. זי גיט נאָך אַ מעלק, עס קומט ווידער גאָרנישט ארויס.

— אַ בראָך איז מיר! — האָט זי אויסגעשריען — ווּ איז אַהינגעקומען די מילך?

מעכל האָט געשוויגן און זיך נישט וויסנדיק געמאַכט. און די ציג האָט געזאָגט אַלץ וואָס אַ ציג קען זאָגן: „מע–ע–ע״.

— מע–ע–ע–ע! — האָט מעכלס מאַמע איר נאָכגעקרומט מיט פּאַרדרוס — וואָס האָסטו זיך צעמעקעט? מעקע ווייניקער און גיב בעסער מילך!

מעכל האָט זיך שטילערהייט ארויסגעשאַרט און איז געלאָפן צו שמשון הגיבורס פענצטער כאַפּן אַ שמועס.

.3

און אַ שמועס איז דאָס געווען אַ לאַנגער און זייער אַ וויכטיקער. זיי האָבן אַלע מאָל געהאַט וועגן וואָס צו רעדן, גאָר דאָס מאָל האָבן זיי געהאַט אַ ביסל מער, ווייל ס׳האָט געהאַלטן נאָענט צו פורים.

פורים איז געווען שמשון הגיבורס באַליבטער יום־טוב, ווייל פורים מעגן ייִנגלעך זיך פאַרשטעלן און גייִן פון הויז צו הויז און זינגען לידלעך, און בעטן פורים־געלט. מ׳איז אַי פריילעך, אַי מ׳האָט פולע קעשענעס קליינגעלט, אַי מ׳עסט זיך אָן מיט המן־טאַשן און מיט שטרודל וויפל דאָס האַרץ גלוסט.

און הייַנט דער שלח־מנות (שאַלאַך־מאָנעס), וואָס די מאַמע קריגט אַריין און די שלח־מנותן, וואָס אַזאַ ייִנגל ווי ער פלעגט צעטראָגן פאַר אַנדערע, דאָס הייסט, אַז ווען עמעצער האָט אַליין נישט געהאַט קיין ייִנגל און האָט געוואָלט איבערשיקן שלח־מנות צו אַ שכנה, האָט מען „געדונגען״ שמשונען אָדער מעכלען אָדער שלמהן, אַז זיי זאָלן עס אָפּטראָגן.



גיין איבער די היזער בעטן פורים־געלט פלעגן די געוויינלעך האַלבעדריט מעכל קאַפּויער, שמשון הגיבור און שלמה די פּאַטשיילע. יעדער האָט געקריגן געלט באַזונדער, נאָר מעכל האָט געהאַלטן די „קאַסע" און דערנאָך פלעגט מען זיך צע־טיילן, גלייך אויף גלייך.

און דאָס לידל, וואָס זיי פלעגן זינגען, האָבן זיי געדענקט פון יאָר צו יאָר. זיי האָבן עס געזונגען צוזאַמען און ס'איז געגאַנגען אַזוי:

„אַ גוטן פורים מאַלעך (מלאך).
ווו איך גיי פאַלעך (פאַל איך).
היינט איז פורים, מאָרגן איז אויס –
גיטס מיר אַ גראָשן און וואַרפטס מיך אַרויס".

און טאַקע וועגן דעם האָבן די צוויי חברים איצט גערעדט. אָט־אָט איז פּורים און שמשון הגיבור ליגט גאָר אין בעט. וואָס דען זאָל ער טון, אַז ער איז קראַנק און שוואַך און האָט נישט קיין כּוח אפילו צו געבן אַ לאַך. פון בלייבן פּורים אין בעט ווייל שמשון אַפילו נישט הערן, ווייל ווי קען מען אַזאַ יום־טוב ווי פּורים פאַר־שטערן? גאָר ווי נעמט מען כּוח צו גיין, אַז מ'איז קראַנק? איז מעכלען איינגעפאַלן אַ נייער געדאַנק: ער וועט מאָרגן ווידער ברענגען די ציג און זי מעלקן, ווי ר'האָט זי געמאָלקן היינט. און ער וועט זי ברענגען אַזוי יעדן טאָג ביז וואַנען ס'וועט געזונט ווערן זיין פריינט.

מעכלען איז דער פּלאַן געפעלן געוואָרן ביז גאָר. און אויפן אַנדערן טאָג, ווען די מאַמע איז נישט געווען אינדערהיים, האָט ער אָפּגעבונדן די ציג פון בעט און אויף גיך זי געבראַכט צו פירן צו שמשונס פענצטער. שלמה איז שוין געשטאַנען מיטן טעפּל און געוואַרט. דאָס מאָל האָט שלמה געמאָלקן די ציג און מעכל האָט זי געהאַלטן פאַר די הערנער. די ציג האָט געמאַכט „מע־ע־ע" און שלמה האָט געמאָלקן און געמאָלקן ביז ער האָט אָנגעמאָלקן אַ פול טעפּל און עס גלייך איבערגעגעבן מעכלען און מעכל האָט עס דערלאַנגט שמשונען און שמשון האָט עס אויסגעטרונקען מיט איין צי און זיך אַזש באַלעקט די ליפּן מיט דער צונג.

דערנאָך האָט מעכל שנעל אַהיימגעפירט די ציג און זי צוגעבונדן צום בעט.

ווען די מאַמע איז אַהיימגעקומען פונעם מאַרק, האָט זי זיך גלייך אַוועקגע־זעצט מעלקן די ציג. זי האָט געמאָלקן און געמאָלקן און ס'איז גאָרנישט אַרויס.

— מע־ע־ע — האָט די ציג געמאַכט — מע־ע־ע. ווי איינער רעדט: פון וואַנען זאָל איך נעמען מילך, אַז מעכל האָט מיך שוין אויסגעמאָלקן!

— ווי איז מיר און ווינד איז מיר, וואָס איז געוואָרן פון דער ציג? — האָט די מאַמע נישט געקענט פאַרשטיין וואָס דאָ האָט פּאַסירט. און מעכל האָט זיך נישט ווילסנדיק געמאַכט.

און די ציג האָט געענטפערט: „מע־ע־ע". ווי איינער רעדט: וואָס בין איך שולדיק?

דערווייל איז שמשון הגיבור געוואָרן שטאַרקער און זיך געפילט אַלץ געזונטער און ער האָט שוין געהאַט כּוח צו רעדן און צו לאַכן און אַפילו אַראָפּצוגיין פון בעט אַ ביסל.

— נאָך איין מאָל, — האָט מעכל געזאָגט צו אים — נאָך איין מאָל, אַז דו וועסט אויסטרינקען די ציגענע מילך, וועסטו שוין ווערן שטאַרק און קענען שטיין אויף די פיס.

און אויף צומאָרגנס האָט מעכל ווידער געבראַכט די ציג און זי אויסגעמאָלקן ביים פענצטער און געגעבן שמשונען די מילך.

נאָר דאָס מאָל, ווען מעכלס מאַמע האָט זיך געזעצט מעלקן די ציג און ס׳איז נישט אַרויס קיין איין טראָפּן מילך, האָט זי אָפּגעבונדן די ציג פונעם בעט, זי אָנגענומען ביים שטריק און זי געגעבן אַ שלעפּ. „קום!“ האָט זי געזאָגט מיט כעס. „קיין אומזיסטע פרעסערקע דאַרף איך נישט!“ און זי האָט זי אַוועקגעפירט צו בערל דעם קצב צום פאַרקויפן.

מעכל איז נאָכגעגאַנגען פון הינטן און האָט געוויינט. ער האָט מורא געהאַט אויסצוזאָגן דער מאַמען וואָס ער האָט אָפּגעטון.

די מאַמע האָט פאַרקויפט די ציג.

שמשון הגיבור איז דערווייל אינגאַנצן געזונט געוואָרן. און אַזוי ווי אויפן אַנדערן טאָג איז אויסגעפאַלן פורים, האָט זיך שמשון שטאַרק געפרייט וואָס ער וועט נישט דאַרפן ליגן אין בעט.



שוין גאַנץ פֿרי זענען די דריי חברים אויפֿגעשטאַנען און האָבן זיך אָנגעשמירט די פּנימער מיט סאַזשע, אָנגעטאָן גרויסע קאַפּעלושן אויף די קעפּ און זיך געלאָזט איבער די הייזער מיטן זעלביקן לידל:

„אַ גוטן פּורים מאַלעך!
ווי איך גיי פֿאַלעך.
היינט איז פּורים, מאָרגן איז אויס —
גיט מיר אַ גראָשן און וואַרפֿט מיך אַרויס".

זיי האָבן נישט אויסגעלאָזט קיין איין הויז אין שטאָט, און פֿאַרנאַכט-צו, ווען זיי האָבן זיך צוזאַמענגעזעצט איבערציילן דאָס געלט, האָבן זיי געציילט און געציילט.

— מיר זענען דאָך גבירים! — האָט שלמה-די-פּאַטשיילע געזאָגט און זיין געשוואָלענע באַק האָט זיך צעשמייכלט פֿאַר פֿרייד.

גאַנצע מיליאָנערן! — האָט שמשון הגיבור געזאָגט און זיך געריבן די הענט.

— מיר זענען נאָך מער ווי מיליאָנערן — האָט מעכל קאַפּויער געזאָגט, און זיין פּנים האָט געלויכטן פֿון פֿרייד.

— וואָס קאָן נאָך זיין מער ווי מיליאָנערן? — האָט שלמה-די-פּאַטשיילע געוואָלט וויסן.

— מיליאָנערן מיט אַ ציג, — האָט אים מעכל גלייך געענטפֿערט.

— טאַקע, טאַקע, — האָט שמשון הגיבור גלייך פֿאַרשטאַנען וואָס מעכל קאַפּויער האָט געמיינט. ער האָט געוווּסט, אַז ווען נישט מעכלס מאַמעס ציג, וואָלט ער נאָך אפֿשר איצט געלעגן אין בעט אַ קראַנקער און וואָלט נישט אַרומגעגאַנגען מיט זיינע חברים קלויבן פּורים-געלט.

די דריי חברים האָבן איינשטימיק באַשלאָסן, אַז פֿריער וועלן זיי אַוועק צו בערל דעם קצב אָפּקויפֿן צוריק די ציג און זי אַהיימפֿירן מעכלס מאַמען, און דערנאָך ערשט וועלן זיי זיך צעטיילן מיטן איבערגעבליבענעם געלט, גלייך אויף גלייך.

זיי האָבן אָפּגעקויפֿט צוריק די ציג, און בערל קצב האָט זיי נאָך צוגעגעבן פּורים-געלט. דערנאָך זענען זיי מיט דער ציג אַוועק צו מעכלען אַהיים, זיך אַוועקגעשטעלט אינדרויסן פֿאַר דער טיר און אָנגעהויבן זינגען דאָס פּורים-לידל:

„אַ גוטן פּורים מלאך.
ווי איך גיי פֿאַל איך.
היינט איז פּורים, מאָרגן איז אויס,
גיט מיר אַ גראָשן און וואַרפֿט מיך אַרויס".

ווי נאָר די מאַמע האָט געעפֿנט די טיר איז די ציג גלייך אַריין אין שטוב און איז צוגעלאָפֿן צום ווינקל, וווּ זי איז אַלעמאָל געלעגן. די מאַמע האָט זיך גלייך גענומען מעלקן די ציג, און די ציג האָט געגעבן מילך.

(ס וו ף)

# דער קליינער שלום־עליכם

דאָס איז געווען אין חודש אַפּריל. אין דרויסן איז געווען פרילינגדיק קיל, נאָר אין דעם וואַרשעווער געטאָ איז געווען הייס ווי אין תמוז, ווייל דאָרטן האָט גע־פלאַקערט אַ בּיטערע שלאַכט. הייזער האָבּן געבּרענט, בּיקסן האָבּן געקנאַלט, בּאָמבּעס האָבּן עקספּלאָדירט, יידן זענען געלאָפן הין און צוריק, יונג און אַלט, גרויס און קליין, שטאַרקע און שוואַכע — ווער נאָר ס׳האָט געקאָנט שטיין אויף די פיס האָט צוגע־לייגט אַ האַנט צו דער שלאַכט מיט די נאַציס.

איין יינגעלע בּלויז — שלמהלע האָט ער געהייסן — איז געלעגן אין אַ גרוב און פון צייט צו צייט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ צו זען ווי עס האַלט מיט דער שלאַכט. ער איז נישט געווען קיין טרוס, שלומהלע. ער האָט זיך נישט אויסבּאַהאַלטן פאַר פּחד. ער האָט אויך געקעמפט — נאָר אויף זיין אופן.

און ווי נאָר די שלאַכט איז צוגעקומען נאָענט צו דער גרוב, איז ער אַרויסגע־שפּרונגען און מיט זיינע דאַרע פלינקע פיסלעך געלאָפן צו אַן אַנדער גרוב, אָדער הינטער אַ וואַנט, אָדער הינטער אַ קופּע ציגל, אָדער ערגעץ אויף אַ דאַך. אָט אַזוי האָט ער געקעמפט קעגן די נאַציס, לויפנדיק און בּאַהאַלטנדיק זיך האָט ער געקעמפט.

ווייל שלמהלע האָט געטראָגן אַ דיקן יידישן בּוך אַרומגעבּונדן מיט שטריק אַרום זיין דאַרן, אויסגעצערטן קערפּער. און איבּערן בּוך האָט ער געטראָגן זיין אַלט, צעריסן שוואַרץ קאַפּטאַנדל, וואָס איז שוין געווען קליין און איינגעלאָפן און האָט אים דערגרייכט בּלויז בּיז די קני. און ליגנדיק אין אַ גרוב, צי הינטער אַ קופּע ציגל, צי אויף אַ דאַך, האָט ער מיט ביידע הענט צוגעהאַלטן, דאָס בּוך אויף זיין קערפּער.

ער האָט דאָס בּוך אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ און אָפּגעמאַכט בּיי זיך, אַז פאַר קיין פאַל טאָר דאָס בּוך נישט אַריינפאַלן צו די נאַציס אין די הענט, סיידן זיי וועלן אים, שלמה׳לען פריער דערהרגענען. נאָר ווי לאַנג ער לעבּט וועט ער דאָס בּוך פון די הענט נישט אַרויסלאָזן. דאָס איז געווען זיין בּייטראָג צום גרויסן קאַמף מיט די נאַציס.

אינעם גרויסן טומל פון דער שלאַכט האָט אים קיינער אַפילו נישט בּאַמערקט. קיינער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף אים ווי ער לויפט פון איין בּאַהעלטעניש צו



דער צווייטער. אַפילו זיינע חברים, די יינגלעך פון זיין עלטער און זיין לערער, זענען געווען צו פאַרנומען מיט דער שלאַכט אַפילו צו טראַכטן איצט פון אים. נאָר ער, שלמהלע, האָט געהאַלטן זיינע גרויסע אויגן וואַך צו אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען אַרום אים.

ער איז געווען הונגעריק און דורשטיק און מיד און שלעפעריק און שטאַרק אָפּגעשוואַכט און די אויגעלעך זיינע זענען געווען שווער פון מידקייט און זיך געוואָלט פאַרמאַכן, נאָר שלמהלע האָט זיך געוואָרט און זיך געצוואונגען צו זיין וואַך, ווייל טאָמער וועט ער איינשלאָפן, קענען נאָך די נאַציס אים כאַפּן און ביי אים צונעמען דאָס בוך.

אין די גאַסן זענען שוין געלעגן אַ סך טויטע מענטשן און אַ סך קופּעס ציגל און אַ סך שטיקער צעבראָכן גלאָז, און אין דער לופטן האָבן זיך געטראָגן אַ סך קולות און געוואַלדן און געשרייען און געוויינען, און נישט איינמאָל האָט ער זיך אַזוי דערשראָקן, אַז ער האָט געפילט ווי צו שרייען אָדער וויינען. ער האָט זיך איינגעהאַלטן, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז מיט זיין שרייען אָדער וויינען וועט ער נאָך אַרויסגעבן זיין באַהעלטעניש און די נאַציס וועלן אים כאַפּן און ביי אים צונעמען דאָס בוך.

אַ סך פון די מעשיות וואָס זענען געווען געדרוקט אינעם בוך, האָט ער געקענט



כמעט פון אויסנווייניק. און נישט איין מאָל ליגנדיק אַזוי אין אַ גרוב ביינאַכט, האָט אים אַ צי געטון אָפּצובינדן די שטריק, אַרויסצונעמען דאָס בוך פון אונטער זיין קאַפּטן און אַזוי ביים פלאַקער פון די ברענענדיקע ווענט, נאָך אַמאָל איבערלייענען די מעשיות. אים איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק אויסצולערנען זיך אַלע מעשיות אויף אויסנווייניק, אַז טאָמער וועט ער פאַרלירן דאָס בוך, וועט ער קענען דערנאָך גיין פון קלאַס צו קלאַס און איבערדערציילן די מעשיות פאַר די קינדער, וואָרט ביי וואָרט.

האָט ער אָבער מורא געהאַט, אַז טאָמער וועט ער אָפּבינדן די שטריק, וועט ער נישט האָבן קיין צייט דאָס בוך צוריק אַרומצובינדן אַרום זיך.

פון צייט צו צייט, ווען ער איז געוואָרן שטאַרק דורשטיק, און ווען די שלאַכט האָט זיך איינגעשטילט אַ ביסל, איז ער פאָרזיכטיק אַרויסגעקראָכן פון זיין נאָרע און אויפן בויך זיך צוגעשאַרט צו אַ הויז און געזוכט אין די ליידיקע שטיבער אַ ביסל וואַסער אָדער אַ שטיקל ברויט. און פון צייט צו צייט פלעגט ער טאַקע געפינען אַ ביסל טוכלע וואַסער, אָדער אַ שטיקל פאַרדאַרט ברויט. און אַזוי האָט ער זיך דערהאַלטן ביי די כוחות.



נאָר אינעם לעצטן טאָג פון דער שלאַכט, אין אַ פאַרטאָג אין חודש־מאַי, ווען אַלץ אַרום האָט געברענט און די נאַציס האָבן שוין פאַרכאַפּט כמעט דאָס גאַנצע געטאָ האָט זיך שלמהלע מיט די לעצטע כוחות אַרויסגעדראַפּעט פון זיין נאָרע צו זוכן אַ ניי באַהעלטעניש.

ווי נאָר ער איז אַרויס, האָבן קוילן פון נאַצישע ביקסן אָנגעהויבן סוויסטשען איבער זיין קאָפּ. אַ שטאַרק אָפּגעשוואַכטער, און צעטומלט פון שרעק, האָט ער זיך געלאָזט לויפן, נישט ווייסנדיק אַליין וווהין. פּלוצלונג האָט ער דערפילט אַ שטאַרקן זעץ אין ברוסט און ער איז אומגעפאַלן — באַוווּסטלאָז.

כמעט אַלע יידן אין דעם געטאָ זענען אומגעקומען און די געציילטע, וואָס זענען לעבן געבליבן, האָבן זיך איצט צוריקגעצויגן צו אַנטלויפן צו די פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער. צווישן די לעבנגעבליבענע איז געווען אַ בראַוו מוטיק יינגל, וואָס האָט געהייסן וועלוול.

אַ הויכער, שטאַרקער ייִד, אַ פּאַרטיזאַן, האָט וועלוולען באַפוילן אַרומלויפן איבער די גאַסן צו זען ווער עס לעבט נאָך און אים לאָזן וויסן וועגן דעם, וועט מען די פאַרוווּנדעטע מיטנעמען אין וואַלד אַריין און זיי ראַטעווען.

לויפנדיק איבער די קופעס ציגל און שטיינער האָט װעלװל באַמערקט זײַן שול־חבר שלמהלען.

— שלמהלע! — האָט ער אויסגעשריגן און האָט זיך אָנגעבויגן איבער אים, נאָר שלמהלע האָט נישט געענטפערט. זײַנע אויגן זענען אים געװען פאַרמאַכט און פון זײַנע נאָזלעכער איז געגאַנגען אַ שװאַכער אָטעם. נאָר װעלװל האָט דאָס אָטעמען נישט באַמערקט. ער האָט אָבער גלײַך אויפן אָרט באַשלאָסן מיטצונעמען שלמהן אין װאַלד אַרײַן, אַפילו װען ער לעבט שוין נישט. ער איז אַװעק צום ייִד, דעם פּאַרטי־זאַן, און געזאָגט צו אים אַ פּאַרסאָפּעטער:

— קומט גיכער, גיכער! — האָט ער געשלעפּט דעם ייִדן בײַ דער האַנט.

— געפונען עמעצן? — האָט דער ייִד אים געפרעגט.

— יאָ, — האָט װעלװל געזאָגט, — שלום עליכמן.

— װאָס פאַר אַ שלום עליכם? — האָט דער פּאַרטיזאַן אויסגעשטעלט אויפן ייִנגל אַ פּאָר אויגן. — דעם שרײַבער?

— יאָ, — האָט װעלװל געזאָגט, — דעם שרײַבער.

— װאָס ביסטו פון זינען אַראָפּ? — האָט דער ייִד זיך צעבײַזערט אויף װעלװ־לען. — פּונקט אויסגעקליבן די ריכטיקע צײַט פאַר חכמהנען זיך. שלום עליכם דער שרײַבער איז שוין טויט אַ סך יאָרן. ער איז געשטאָרבן אין אַמעריקע.

— יאָ, יאָ, דאָס װײס איך, דאָס איז דער קלײנער שלום עליכם. — האָט װעלװל אים דערקלערט.

— מזל טוב, די צװײטע טעג יום־טוב! — האָט דער ייִד זיך שוין צעשריגן אויף װעלװלען. — דער קלײנער שלום עליכם! אַ נײַער שלום עליכם בײַ ייִדן!

— איך זאָל אַזוי לעבן װי איך שפּאַס נישט, — האָט זיך װעלװל געשװוירן. — איך האָב אים דערקענט. דאָס איז דער קלײנער שלום עליכם. און איר װעט מיר נישט העלפן װעל איך אים אַלײן ברענגען צו שלעפּן — האָט װעלװל געזאָגט און זיך צעװײנט.

— דו רעדסט פון היץ, מײַן קינד, — איז דער ייִד שוין װײכער געװאָרן. — קום װײַז מיר װוּ ער איז, דײַן שלום עליכם, װײַל יעדע רגע איז טײַער.

װעלװל האָט דעם פּאַרטיזאַן צוגעפירט צו שלמהן, װעלכער איז װעלעגן באַ־װעגלאָז לעבן אַ קופּע ציגל. דער ייִד האָט זיך אָנגעבויגן איבער אים. ער האָט צו־געלײגט אַ פינגער צום ייִנגלס האַרץ.

— מאָדנע, — האָט דער ייד געזאָגט, — ער אָטעמט, נאָר זיין האַרץ קלאַפּט נישט. — ער האָט אויף גיך אויפגעקנעפּלט דעם יינגלס קאַפּטאַן, און דערזען אַ דיק באַנד פון שלום עליכמס געזאַמלטע ווערק, אַרומגעבונדן אַרום שלמהס האַרץ. אויפן טאָוול פונעם בוך איז געווען איינגעקריצט שלום עליכמס בילד מיט גאָלדענער פאַרב. איין אויג פון שלום עליכמס בילד איז געווען דורכגעלעכערט פון אַ קויל. דער ייד האָט אויפגעבונדן די שטריק, אויפגעהויבן דאָס בוך און עס אַ מיש געטון. די קויל איז געבליבן שטעקן אינמיטן פון בוך אין מיטן פון אַ מעשה וואָס הייסט „סטאַנציע באַראַנאָוויטש".

וועלוול האָט צוגעלייגט זיין אויער צו שלמהס ברוסט.

— עס קלאַפּט, עס קלאַפּט! — האָט וועלוול אויסגערופן מיט פרייד.

— יאָ, — האָט דער ייד אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, — שלום עליכם האָט אים געראַטעוועט דאָס לעבן.

ער האָט אויפגעהויבן שלמהן פון דער ערד און וועלוולען געגעבן דאָס בוך.

— קום! — האָט ער געזאָגט, — לאָמיר גיין איידער עס ווערט צו שפּעט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָך אין יענעם אָוונט, ביי אַ קליין פייערל אין וואַלד, האָט וועלוול דערציילט פאַר די איבעריקע פּאַרטיזאַנער און גערעטעוועטע ווער שלמה איז. ער האָט זיי דער־ציילט, אַז אין די יידישע שולן אין דעם געטאָ איז געווען איין באַנד פון שלום עליכמס געזאַמלטע ווערק. און אַזוי ווי שלמה איז געווען אַ פלינק, זשוואַוו יינגל, וואָס האָט זיך שוין נישט איין מאָל אויסגעדרייט פון די הענט פון די נאַציס, איז ער באַשטימט געוואָרן צו ברענגען דאָס בוך פון שול אין דער אַנדערער. עס איז געווען זיין פליכט דאָס אָפּצוהיטן. און ער האָט זיין פליכט שטענדיק דורכגעפירט. מיט דער צייט איז ער געוואָרן באַקאַנט צווישן די קינדער און די לערער — אַלס דער קליינער שלום עליכם.

דאָ אין וואַלד האָט שלמה ווידער געהאַלטן דאָס בוך שטענדיק מיט זיך. און פון צייט צו צייט פלעגן די יידישע פּאַרטיזאַנער עס אַנטלייען ביי אים און פאָר־לייענען שלום עליכמס מעשיות. נאָר דאָ אין וואַלד האָט מען אים שוין נישט גערופן דער „קליינער שלום עליכם”. דאָ האָט מען אים גערופן „פּאַניע שלום עליכם”.

(ס ו ף)



## די פינף וואָס זענען אַוועק

**א**יין מאָל האָט די לאַנגע „נון״ צונויפגערופן אַלע אַנדערע מיטגלידער פון דער „אלף־בית״ משפחה און זיי געזאָגט אַזוי: „פאַר יאָרן און יאָרן האָבן מיר געלעבט צוזאַמען און געאַרבעט צוזאַמען. קיין איין טאָג פון מיין לעבן בין איך נישט געווען אַליין. ביי מיין יעדן ווענד־און־קער זענען עטלעכע פון אייך מיר נאָכגעגאַנגען, אָדער פון הינטן אָדער פון פאָרנט. נאָך מיט מזל וואָס מיר האָבן מיט זיך שטענדיק אונדזערע גוטע פריינט, די פונקטאַציע. ווען נישט די פינטעלעך און די קאָמאַס וואָלטן מיר זיך איינע די אַנדערע שטענדיק אָנגעטראָטן אויף די הינער־אויגן. איך האָב לאַנג און לאַנג געטראַכט וועגן דעם און האָב באַשלאָסן, אַז פון היינט אָן און ווייטער וועל איך גיין אַליין. אמת, נישט אינגאַנצן אַליין, ווייל איך וויל מיטנעמען מיט זיך מיין קלענערן ברודער — די קרומע „נון״; און ביידע צוזאַמען וועלן מיר זיך אַרויסלאָזן איבער דער וועלט זוכן אונדזער מזל. איך בין טאַקע נישט מער ווי אַ דאַרער דראָנג, אָן אַ קאָפּ און אָן אַ בויך, דערפאַר אָבער וועל איך קענען דערלאַנגען צו הויכע פלעצער און זיך דורכשטופּן דורך שמאָלע ערטער. איצט וויל איך זיך געזעגענען מיט אייך, ווייל נאָך היינט פאַרטאָג, נאָך איידער די זון וועט אַרויס, וועל איך מיט מיין ברודער, די קרומע „נון״, זיך אַרויסלאָזן איבער דער וועלט״.

דער „אלף־בית“ איז געבליבן זיצן ווי פריטשמעליעט. די אותיות האָבן נישט געקענט באַנעמען וואָס זייערע אייגענע אויערן האָבן געהערט און אַלע האָבן געטראַכט: ווי אַזוי וועט אַן „אַלף־בית“ קענען זיין אַן „אַלף־בית“ ווען עס וועט פעלן אַן אות פונעם „אלף־בית“? אַזאַ זאַך איז נאָך אויף דער וועלט נישט־געהערט געוואָרן!

דערפאַר טאַקע האָט זיך גלייך אויפגעהויבן צווישן די אותיות אַ געשושקעריי און אַ געזשומעריי און אַ געריעדעריי, פריער שטילער, דערנאָך העכער, דערנאָך נאָך העכער, ביז די שין האָט אַ כאַפּ געטון די אלף און אויסגעשריען „שאַ! שטיל זאָל זיין!“

און די פעסלדיקע פּיי האָט זיך געגעבן אַזאַ דריי, אַז דאָס אינעווייניקסטע פינטעלע איז איר שיר נישט אַרויס. און זי האָט אויסגעשריען! „פילדערט נישט אַזוי!“

און די דאַרע לאַמעד האָט זיך איינגעבויגן ווי אַ ווערבע און זיך געבעטן: „ליאַרעמט נישט אַזוי“.

האָט זיך אויפגעשטעלט די טעס און געזאָגט: „טומלט נישט אַזוי“.

דאָ האָט זיך אויפגעשטעלט די בית אויף איר קורץ פיסל און געזאָגט זייער שטיל און געלאַסן: „באַרויקט זיך, ברידערלעך, באַרויקט זיך. מען דאַרף זיך באַטראַכטן“. איז ווידער שטיל געוואָרן און אַלע אותיות האָבן זיך אַוועקגעזעצט טראַכטן — אַלע, אַ חוץ די לאַנגע נון. זיי זענען געזעסן אין אַ באַזונדער ווינקל און זיך שטילערהייט געסודעט.





פאַרטאָג האָט זיך די לאַנגע נון אויפגעשטעלט, אָנגענומען די קרומע נון ביים פוס און געזאָגט: קום מיר גייען!"

צוויי וואָוון האָבן זיך אויף גיך צונויפגעלייגט און געזאָגט: „וואַרט, וואַרט צו אַ ביסל".

נאָר די לאַנגע נון האָט זיך איינגעשפּאַרט. זי האָט צום לעצטן מאָל אַ קוק געטון אויפן אלף־בית, אַ צי געטון די קרומע נון ביים פוס און איז פאַרשוווּנדן.

„עס וועט אייך באַנג טון!" האָט די בית נאָכגעשריגען, נאָר די נונען האָבן שוין נישט געהערט. דער אלף־בית איז אַנטשוויגן געוואָרן. פּלוצלונג האָט זיך אויפגעשטעלט די לאַנגע כאָוו און געזאָגט אַזוי: „כעוורע", כ'מיין חברה, אויב אַזאַ לאַנגער דראָנג ווי די לאַנגע נון אָן אַ קאָפּ, קאָן זיך אַרויסלאָזן איבער דער וועלט פּרובירן איר מזל, קאָן איך, וואָס האָב אַזאַ גרויסן קאָפּ, דאָס אוודאי טון און איך וועל מיטנעמען מיין ברודערל די קליינע כאָוו.

ווידער איז דער אלף־בית געבליבן זיצן ווי פאַרטשמעליעט. די זייען האָט אַ טיפן זיפץ געטון און די צאַדיק האָט צום ערשטן מאָל גענומען דאָס וואָרט און געזאָגט: צעריסן! מיר ווערן צעריסן אויף פּיץ־פּיצלעך!"

„יאָ" האָט די לאַמעד געזאָגט מיט אַ זיפץ. „דאָס געזאַנג האָבן מיר שוין פאַרלוירן, איצט וועלן מיר פאַרלירן דאָס געלעכטער אויך. און וואָס פאַראַ לעבן וועט עס זיין אָן אַ לאַך? אַ טרויעריק לעבן".



„דערפאַר, אָבער וועט איר נישט קענען וויינען", האָט די כאָוו זיך געפּרוּווט פאַרענטפערן.

„דאָס איז אַ קנאַפּע טרייסט", האָט די טעס זיך אָפּגערופן, „אי נישט וויינען, אי נישט זינגען, אי נישט לאַכן. מיר וועלן אַרומגיין ווי שטומע און שטיקן אין זיך אונדזער צער.

די לאַנגע כאָוו האָט אַ נעם געטון די קליינע כאָוו און איז אַוועק.

„עס וועט אייך באַנג טון!" האָט די בית זיי נאָכגעשריגען. נאָר די כאָוון האָבן מער שוין נישט געהערט.

און נאָך איידער דער אלף-בית האָט זיך אַוועקגעזעצט טראַכטן וואָס צו טון אָן די כאָוון, האָט זיך אויפגעשטעלט די לאַנגע פּיי און געזאָגט: „אויב די לאַנגע נון קאָן אַוועקגיין, און די לאַנגע כאָוו קען אַוועקגיין, קאָן איך אוודאי און אוודאי אַוועקגיין. איך קאָן זיך בויגן און דרייען. איך האָב אַ קאָפּ און אַ פּלייצע און איך וועל נאָך מיטנעמען מיט זיך מיין קליין ברודערל, די קליינע פּיי".

„איך בלייב דאָ!" האָט די קליינע פּיי אויסגערופן.

„איך בלייב מיט דער פּיי און מיטן אלף-בית און אויב דו גייסט וועט עס דיר שפּעטער פאַרדריסן".

„בראַוואָ! בראַוואָ!" האָבן אַלע אותיות אויסגערופן און האָבן אַרומגערינגלט די קליינע פּיי און זי געגלעט.

די לאַנגע פּיי האָט זיך אָנגעבלאָזן ווי אַן אינדיק און געזאָגט צו דער קליי־נער פּיי: „וואַרט, דו פּייעלע, דו וועסט זיך נאָך בעטן ביי מיר איך זאָל דיך מיט־געמען. נאָר איך וועל דיר קיינמאָל נישט פאַרגעבן".

„סטראַשע נישט", האָט די סאַמעך צום ערשטן מאָל גערעדט.

„שרעק נישט די געגנדז", האָט די שין געזאָגט. די לאַנגע פּיי האָט זיך נאָך איין מאָל געגעבן אַ בלאָז און איז פאַרשוווּנדן.

די אלף האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט: איצט וויל איך וויסן ווער עס גייט און ווער עס בלייבט. שלאָס־מעם, דו בלייבסט?"

„איך בלייב".

„בראַוואָ" האָבן די אותיות אַפּלאָ־דירט.

„לאַנגע צאַדיק דו בלייבסט?" האָט די אַלף ווידער געפרעגט.

„איך בלייב!"

„בראַוואָ!" האָבן די אותיות ווידער אַפּלאָדירט.

איצט האָבן זיך די אותיות אַוועק־געזעצט טראַכטן ווי אַזוי אָנצוגיין זייער לעבן אָן די נונען, די כאָוון און די לאַנגע פּיי. זיי האָבן געטראַכט און גע־טראַכט און באַשלאָסן, אַז אַזוי ווי זיי זענען מער נישט קיין גאַנצער אלף־בית וועלן זיי זיך צעשפּאַלטן אין באַזונדערע גרופּקעלעך פון גוטע ווערטער, ווער־טער וואָס זענען זייער נויטיק פאַר דער וועלט. צום ביישפּיל: די בית, די רייש, די וואָוו, די יוד און די טעס האָבן



זיך צענויפגענומען און געוואָרן ברויט, ווייל אָן ברויט קען די וועלט נישט לעבן.

די פיי, די צוויי יודן און די היי האָבן אויסגעבאָרגט ביים ברויט די רייש און די טעס איז געוואָרן פרייהייט, ווייל אָן פרייהייט האָט דאָס ברויט נישט קיין טעם.

די שין, די לאַמעד און די שלאָס-מעם האָבן אויסגעבאָרגט ביים ברויט די וואָוו איז געוואָרן שלום, ווייל אָן שלום טויג נישט דאָס ברויט און עס טויג נישט די פרייהייט.

דערווייל האָבן די נונען, די כאָוון און די לאַנגע פיי געוואַנדערט איבער דער וועלט, געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט און פון לאַנד צו לאַנד. און אומעטום זענען זיי געווען איינזאַם און שטום, ווייל זיי האָבן קיין וואָרט נישט געקאָנט אויסרעדן. אַלץ וואָס די נונען האָבן געקענט טון איז זאָגן: נ ן נ ן נ ן נ ן. און די כאָוון: כ ך כ ך כ ך. און די לאַנגע פיי האָט אַפילו דאָס אויך נישט געקאָנט טון.

איינמאָל האָבן זיי זיך אַלע פינף באַגעגנט אין אַ גרויסער שטאָט, מידע און דערשלאָגענע. האָבן זיי זיך דערפרייט און זיך אַרומגעכאַפּט איינע מיט די אַנדערע. נאָר אַלץ וואָס זיי האָבן געקאָנט זאָגן אַלע צוזאַמען איז געווען: נ ן כ ך ף. האָבן זיי זיך איבערגעשטעלט אויף צוריק איז אַרויסגעקומען: ף ך כ ן נ. האָבן זיי פּרובירט נאָך אַ קאָמבינאַציע איז אַרויסגעקומען: ן ף נ כ ך. און וויפל מאָל זיי האָבן זיך נישט איבערגעשטעלט איז אַלץ אַרויסגעקומען אַ מאָדנער, משונהדיקער קלאַנג, וואָס קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען און זיי אַליין האָבן אויך נישט פאַרשטאַנען.

האָבן זיי שוין אַזוי שטומערהייט געוואַנדערט צוזאַמען און ווער ווייסט ווי לאַנג זיי וואָלטן אַזוי געוואַנדערט ווען זיי וואָלטן נישט באַמערקט אַ געוויסע שילד, אויף אַ געוויס הויז, אין אַ געוויסער גאַס, אין אַ געוויסער שטאָט און אין אַ געוויס לאַנד. אויף דער שילד איז געשטאַנען אָנגעשריבן מיט געדרוקטע אותיות: יידישע שול. זיי זענען אַרויפגעקראָכן מיט די טרעפּ און אַריין אינעם צימער.

דער לערער איז געשטאַנען ביים טאָוול מיט אַ שטיקל קרייד אין האַנט, ער האָט געוואָלט אָנשרייבן קינדער, האָט אים אָבער אויסגעפעלט די קרומע נון — איז אַרויסגעקומען קי—דער. די לאַנגע נון האָט דאָס דערזען האָט זי געטון די קרומע נון אַ צי ביים פיסל און אויף שטום-לשון אָנגעוויזן אויפן טאָוול. האָט די קרומע נון אַ שפּרונג געטון אויפן טאָוול און זיך אַזועקגעשטעלט גלייך נאָך דער יוד, איז גע־וואָרן קינדער.

האָט דער לערער זיך צעשמייכלט און די קינדער האָבן זיך צעלאַכט פאַר פרייד און איין יינגעלע האָט אַ פילו אַ פייף געטון.

פון יענעם טאָג אָן זענען די פינף אותיות שוין קיינמאָל נישט אַנטלאָפן פונעם אלף-בית.

(ס ו ף)

# אינהאַלט

